דערשיינט מיט דער הילף פון אונזערע בני־עיר:
„פריינט פון ווילנע“ און „פאַראייניקטער ווילנער הילפס־
קאָמיטעט“ אין ניו־יאָרק
און „ווילנער הילפס־פאַרבאַנד“ אין יאָהאַנעסבורג.

רעדאַקטאָרן: ל. ראַן און ל. קאָריסקי

רעדאַקציע־קאָלעגיע: ל. שעפטעל,
אַ. סוצקעווער, ש. קאַטשערגינסקי,
מ. זיידשנור, מ. ראַיאַק, מ. מאַכטיי.

סטיליסטישער רעדאַקטאָר: ל. אָליצקי.

פאָטאָ־בילדער: ע. גערשאַטער.

הילע און צייכענונגען: יחזקאל קמחי.

Nakładem Ziomkowstwa Żydów Wilnian w Polsce,
przy Centralnej Żydowskiej Komisji Historycznej.
Łódź, ul. Narutowicza 12, m. 15
Składano w drukarni № 10, Łódź, Narutowicza 32.
Druk. Łódź, Piotrkowska 104 a. Z. 1970. D-015182.

# בלעטער

## וועגן

# ווילנע

## זאמלבוך

ארויסגעגעבן פון דעם פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פוילן
ביי דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע
לאָדזש 1947

# יזכּור

די קדושים וטהורים פֿון דער

## יידישער עדה אין ווילנע און אומגעגנט

אומגעקומען אין דער צייט
פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע

22 יוני 1941 — 13 יולי 1944



פראַגמענט פון ברודער־קבר
אויפן עקזעקוציע־פעלד אין פאָנאַר־
ביי ווילנע



שייטער־הויפנס מיט
ווילנער הרוגים פאַרן
פאַרברענען.
לאַגער קלאָאָגע־עסט־
לאַנד.

(פאָטאָ פון אַרכיוו פון
ו ער צענטר. ייד. היסט.
קאָמיסיע.)



# BEKANNTMACHUNG

Am gestrigen Sonntag nachmittag wurde in der Stadt Wilna aus dem Hinterhalt auf deutsche Soldaten geschossen.

Zwei der feigen Banditen konnten festgestellt werden. Es waren Juden.

Die Taeter haben ihr Leben verwirkt. Sie wurden sofort erschossen.

Zur Verhuetung derartiger feindseliger Akte sind bereits weitere schaerfste Gegenmassnahmen getroffen. Die Vergeltung trifft die Gesamtheit der Juden.

Vorerst ist es darueberhinaus allen Juden beiderlei Geschlechts mit sofortiger Wirkung verboten, ihre Wohnungen in der Zeit von 15 Uhr nachmittags bis 10 Uhr vormittags zu verlassen. Ausgenommen hiervon sind nur diejenigen Juden und Juedinnen, die ausdruecklich zum Arbeitseinsatz befohlen sind.

**Die getroffenen Anordnungen dienen der Sicherheit der Bevoelkerung und der Sicherstellung ihres Lebens. Pflicht jedes anständig denkenden Einwohners ist es, daran mitzuhelfen, dass Ruhe und Ordnung herrschen.**

Der Gebietskommissar der Stadt Wilna

**gez. HINGST**

# SKELBIMAS

Vakarykščio sekmadienio popietį buvo iš pasalų šaudoma į vokiečių kareivius.

Du bailiųjų banditų buvo [illegible] tatyti, tai buvo žydai.

Piktadariai užsimokėjo [illegible] gyvybe. Juos tuč-tuojau sušaudė.

Kad ateity išvengus pa[illegible]ių piktadariškų žygių numatyta eilė naujų griežtų [illegible] parėdymų. Atsakomybė krenta visai žydų vis[illegible]menei.

Pirmiausia abiejų lyčių [illegible]ams yra uždrausta, tuč-tuojau vykdytina, išeiti iš [illegible] gyvenamų butų nuo 15 val. po pietų iki 10 val. ryt[illegible]

Išimtį sudaro tik tie žy[illegible] ir žydės, kurie turi aiškų darbo įsakymą.

Išleisti potvarkymai užtikr[illegible] gyventojų saugumą ir jų gyvybės saugumą

Kiekvieno sąmoningai galv[illegible] pinčio ramybe ir tvarkos įgyvendinčio piliečio pareiga - rū[illegible]intis.

[illegible] Apygardos Komisaras

**HINGST**

# OBWIESZCZENIE

Wczorajszej niedzieli po południu strzelano w Wilnie z ukrycia do niemieckich żołnierzy.

Dwuch z tchórzliwych bandytów rozpoznano. Byli to żydzi.

Sprawcy przypłacili czyn swój życiem. Zostali natychmiast rozstrzelani.

Aby zapobiec na przyszłość podobnym wrogim wystąpieniom, zarządzono nowe ostre środki zapobiegawcze. Odpowiedzialność spada na całe społeczeństwo żydowskie.

Przede wszystkim zostało wszystkim żydom płci obojga wzbronione z działaniem natychmiastowym, opuszczanie mieszkań w czasie od godz 15 po południu do 10 rano. Wyjątek stanowią tylko ci żydzi i te żydówki, które mają wyrazny rozkaz pracy.

**Podjęte zarządzenia służą bezpieczeństwu ludności i zabezpieczeniu życia mieszkańców. Obowiązkiem każdego rozsądnie myślącego mieszkańca jest współpraca nad utrzymaniem spokoju i porządku.**

Komisarz okręgu miasta Wilna

podpisano - **HINGST**

Wilno, 1 września 1941 r.

באַקאַנטמאַכונג פון באַרימטן תּלין הינגסט

(1 סעפּטעמבער 1941 י.)

מיט וועלכער ער פּארמאסקירט די גרויסע דייטשע פּראָוואָקאַציע, וואָס איר ציל איז געווען אומצוברענגען א העלפט פון ווילנער יידנטום פון צענטער שטאָט און דערמיט פריי מאכן דעם שטח פאר די קומענדיקע צוויי געטאָס, וועלכע זיינען טאקע געשאפן געוואָרן אין זעקס טעג ארום פאר די יידן פון די איבעריקע גאסן.

## לייב שעפטעל

# פראָבלעמען צו דער געשיכטע פון אומקום פון דער יידישער עדה אין ווילנע

די יידישע ווילנע, ירושלים דליטא, דער מקור פון אַלע גייסטיקע זאַפטן, מיט וועלכע דאָס יידישע פאָלקס-לעבן איוף דער גאַנצער וועלט פלעגט זיך אָנזאַפן — איז שוין מער נישטאָ.

ווילנער יידן האָבן זייערע לעצטע לעבנס-טעג דורכגעמאַכט אין די אַלטע ווילנער יידישע געסלעך, ווו זייערע עלטער-עלטער זיידעס האָבן דעם יידישן ישוב אין שטאָט פאַרלייגט און זייער לעבן אָנגעהויבן.

די לעצטע יידישע זין און טעכטער פון ווילנע האָבן אויף זייער וועג צום טויט און אומקום מאַרשירט דורך דעם אַלטן קוואַרטאַל, פאַרביי זיינע היסטאָרישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן דעם לויב פון דער שטאָט אין דער וועלט פאַרשפּרייט.

אויב די אַלטע קריה-נאמנה און די מאָדערנע יידישע ווילנע האָט געהאַט אירע היסטאָריקער, באשרייבער און באַזינגער, איז אָבער די יידישע ווילנע אין די טעג פון אומקום געבליבן אָן אַ מאָנאָגראַפיע. זי וואַרט נאָך אויף דעם געשיכטלער, וועלכער זאָל אויפוויקלען די בלוטיקע מגילה פון איר אומקום, און גלייכצייטיק אויף אַלע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן אין ווילנע אין דער צייט פון איר אונטערגאַנג. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פּרווון פון אייניקע בני-עיר אונזערע בייצוטראָגן צו דער געשיכטע פון ווילנע אין דער צייט פון געטאָ (אברהם סוצקעווער — „ווילנער געטאָ", ד״ר דוואָרזשעצקי — „קאַמף פאַרן געזונט אין ווילנער געטאָ" און „געשיכטע פון ווילנער געטאָ", ש. קאַטשערגינסקי — „פּאַנאַר", ר. קאָרטשאַק — „להבות באפר" א. אַנד.) און דערפאַר: תבוא עליהם ברכה! אָבער דאָס אַלץ, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ביז היינט קאָן בלויז דינען אַלס מאַטעריאַל פאַר געשיכטלער. ווייל דאָקומענטן פון דער תקופה זיינען ווייניק געבליבן, די דייטשע בעסטיע האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז די שפּורן פון איר פאַרברעכן זאָלן פאַרווישט ווערן. און דעריבער בלייבט אונז איבער אין גרעסטן טייל צו זאַמלען גבית-עדותן פון עדי-ראיה און עדי-שמועה, זכרונות, באַאָבאַכטונגען, מיינונגען און אָפּגערעדט שוין פון דאָקומענטן, פאָטאָגראַפיעס און בריוו, וואָס קאָנען דינען צו דער געשיכטע פון ווילנע. דאָס אַלץ דאַרף אָבער פאַרעפנטלעכט ווערן, איבערגעגעבן ווערן אין יידישע היסטאָרישע און וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס — און טאָר נישט בלייבן אין פּריוואַטע אַרכיוון.

מיט דער געשיכטע פון ווילנע פאַר די לעצטע יאָרן אירע זיינען אויך פאַרבונדן געוויסע פּראָבלעמען און דערשיינונגען, וועלכע קאָנען נישט קומען צום אויסדרוק ביי אַ כראָנאָלאָגישער געשיכטלעכער באַשרייבונג, פּראָבלעמען, וועלכע זיינען פאַרשידנאַרטיק אויפגענומען און אָפּגעשאַצט געוואָרן סיי אין דעם פּעריאָד פון זייער אַנטשטיין און סיי שפּעטער. אַ טייל פון זיי זיינען אַלגעמיין און כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע געטאָס, ווי צ. ב. די מאָראַל פון געטאָ-מענטשן און די באַציונג פון די געטאָ-איינוווינער צו די „פּרעמדע" פון איר אַרומיקער פּראָווינץ און עוואַקואירטע. און אַ טייל זיינען ספּעציפיש ווילנער, אָדער אַמבולטסטן געקומען צום אויסדרוק אין ווילנע, ווי צ. ב. די פּערזאָן פון געטאָ-שעף גענס; ווידערשטאַנד אין געטאָ; אָדער פאַרלאָזן די משפחה און גיין אין וואַלד.

אָט אַ טייל פון די אַלע פּראָבלעמען וואָלט איך וועלן אויסרעכענען, כדי אָנצורעגן ווילנער יידן, אַרויסצוזאָגן זיך און צושטעלן מאַטעריאַלן און ידיעות, וועלכע זאָלן די פּראָבלעמאַטיק פון אונזער דערמאָנטיקן לעבן באַלויכטן אַלזייטיק פון פאַרשידענע שטאַנדפּונקטן.

1. דער געזעלשאַפטלעך - קולטורעלער, ווירטשאַפטלעכער און דעמאָגראַפישער כאַראַקטער פון דער ווילנער יידישער קהלה אין די יאָרן 1939—1940, אין צוזאַמענהאַנג מיט די דריי מאַכטן, אונטער וועלכע זי האָט זיך געפונען: די פּוילישע, די ליטוויש-סמעטאָנישע און די ל.ס.ס. ר.ישע, דער צופלוס פון ליטווישע יידן, דער צושטראָם פון פּליטים פון פּוילן און די סאָוויעטיזאַציע פון יידישן לעבן.

2. דער כאַראַקטער און מעטאָדן פון דייטשן טעראָר ביז דעם געטאָ (פּראָוואָקאַציעס, שחיטות, קאָנטריבוציעס) און די ראָל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג (מאַגיסטראַט, ליטווישע איפּאַטינגאַ, ליטווישע ווייסע פּאַרטיזאַנער און חסידי-אומות-העולם).

3. יידן אויף וועגן, אין דערפער און שטעטלעך מיט דער אָפּטרעטנדיקער רויטער אַרמיי.

4. די לוקישקער טורמע. דער גהינום דאָרט, עקזעקוציעס, (פּערזענלעכקייטן אין תפיסה; ד״ר וויגאָדסקי, לערער יאַפּע א. אַ.). די טורמע אַלס דורכגאַנגס-פּונקט צו פּאַנאַר.

5. יודן-ראַטן (זייער אַנטשטייונג, ראָל, טעטיקייט, פּערזאָנען, אַרויסזאָגונגען, פּראָטאָקאָלן און זייער גורל).

6. די ערשטע וואָכן אין ערשטן און צווייטן געטאָ (דאָס טרייבן אין געטאָ, ווער איז אריין, בילדער פון לעבנס-שטייגער אא״וו).

7. אַקציעס און שחיטות אין געטאָ (דייטשע טאַקטיק בעת די שחיטות, די טאַקטיק פון יודן-ראַט, די אַקציעס און נאָך די אַקציעס, עקזעקוציעס נאָך די אקציעס אא״וו) דאָס פּראָבלעם פון גיין מיט

דער משפחה צום טויט, אָדער באַגלייטן ביזן טויער.

8. שיינען אין געטאָ (געלע שיינען, ווייסע, ראָזע, שוץ־ייִדן, באַציונג פון „געלע" צו „ווייסע". דאָס באַשטימען דורך ייִדן אַליין, ווער עס דאַרף לעבן? האַנדל מיט לעבנס אאַ"וו).

9. פּאָליציי אין געטאָ (איר טעטיקייט, ראָל, טיפּן).

10. יעקב גענס — אַלס פּאָליציי־קאָמענדאַנט און געטאָ־שעף. זיין טעטיקייט, כאַראַקטעריסטיק, לעבן און טויט.

11. מעלינעס „דורכגאַנגען" אין געטאָ. (די פאַרשידנאַרטיקע קאָנסטרוקציעס פון מעלינעס, דער מעלינע־מענטש, זיין לעבן אין די מעלינעס, די ראָל פון די „דורכגאַנגען" אין געטאָ פאַרן געטאָ־שמוגל אאַ"וו).

12. דער ארבעט־אַמט און די דייטשע איינהייט, זייער ראָל (פון בריגאַדירן־ראַט, טיפּן פון בריגאַדירן, זייער ראָל אין דער צייט פון אַקציעס, ביי באַקומען שיינען, עקאָנאָמישע ראָל אאַ"וו).

13. די ווירטשאַפטלעכע עקאָנאָמישע סטרוקטור פון געטאָ (וואַרשטאַטן, האַנדל, שמוגל).

14. דאָס סאַניטאַר־מעדיצינישע פּראָבלעם פון געטאָ.

15. שולן, קינדער און לערער אין געטאָ (ווייטער צי געפינען שול־ארבעטן פון קינדער).

16. דאָס קולטור־לעבן אין געטאָ און געטאָ־שאַפונגען (דיכטער און שרייבער אין געטאָ, טעאַטער, כאָר, „הבימה").

17. וווינונגס־פּראָבלעם אין געטאָ.

18. דאָס רעליגיעזע לעבן אין געטאָ.

19. יידישע פּערזענלעכקייטן אין געטאָ (זייער לעבן, גורל און האַלטן זיך).

20. דאָס פאַמיליען־לעבן אין געטאָ.

21. פאַרברעכן און פּראָסטיטוציע אין געטאָ.

22. פאַררעטער, מוסרים און שפּיאָנען.

23. פּאַרטייען און געזעלשאַפטן אין געטאָ (ציוניסטן, פּועלי־ציון, השומר־הצעיר, רעוויזיאָניסטן, קאָמוניסטן, בונד, רעליגיעזע, לערער־פאַרבאַנד, דאָקטוירים־פאַריין, ליטעראַטן - פאַריין, ברית־עברית, וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפט אאַ"וו).

24. דער יידישער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט.

25. דערשיינונג פון אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון ווידערשטאַנד, העלדן און העלדנטאַטן.

26. די פ. פּ. א. (פאַרייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע) אין ווילנער געטאָ. (איר געשיכטע, ראָל, אָנפירער, טעטיקייט).

27. די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין ווילנער געגנט.

28. די פאַרזאמלונגען ביים „אָבער־יודע" גענסן (די טעמעס פון די רעפעראַטן, אַרויסזאָגונגען).

29. פּראָווינצער און ווילנער געטאָ (די שחיטות, ווילנער אין דער פּראָווינץ און פּראָווינציעלע אין ווילנע, וואָראָנאָווע, אאַ"וו).

30. די לאַגערן ארום ווילנע (קענע, בעזדאַן, ביאַלאַוואַקאַ, פּערציק טאַטאַרן).

31. פּאָנאַר (פון ערשטן אַנטשטיין ביז דער באַפרייונג).

32. ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ.

33. יידן אין ווילנע נאָך דער ליקווידאַציע (קאַנאַלן, מעלינעס).

34. „קיילים" — „ה. ק. פּ.".

35. ווילנער יידן אין קאָנצ. - לאַגערן אין עסטלאַנד (נאַרווע, וויוואַרי, וויוויקאָני, ראַווי, טאַרטי, אזערי, גאָלדפּיץ, ערזעדאַ, לאַגעזי, קלאָגאַ, קיוויאָלי, קונדאַ).

36. ווילנער יידן אין אנדערע קאָנצ.־לאַגערן (קייזערוואַלד, שטוטהאָף, דאַכאַו, בוכענוואַלד, מאַגדעבורג, בורגראַבן, ליאַרענבורג, לאַנדסבערג, טאַרון).

די קאַפּיטלעך און פּראָבלעמען שעפּן נאָך נישט אויס אונזער טעמע. אָבער ביי אַלזייטיקער באַלייכטונג פון אַ סך עדי־ראיה ביי אַ געמיינזאַמען עפנטלעכן מיינונגס־אויסטויש, קאָן צונויפגעקליבן ווערן דער גרויסער מאַטעריאַל, פון וועלכן עס קאָן געשריבן ווערן די געשיכטע פון אומקום פון ירושלים דליטא.

ד״ר. א. ליבא

# וואָס מיינע אויגן האָבן אין ווילנע געזען...

אוי לענים שכך רואות.

.1

## ביזן שאפן פון געטא

דאָס לעבן אין דער קליינער ליטע ביז דעם אָנהייב פון דעם דייטש־סאָוויעטישן קריג איז געווען אַזוי רויק, אַז זעלטן ווער עס האָט געגלויבט, אַז די שׂרפה וואָס האָט געבושעוועט אין גאַנץ מערב־אייראָפּע זאָל דערגרייכן ביז ווילנע.

די ווילנער יידן זיינען בשלום געזעסן אין זייערע הייזער און געקליבן נחת פון די ביי־געעפנטע ליטווישע שפּייז־קאָאָפּעראַטיוון, פון די פאַרשידענע „מאַיסטאַסן״ און „פּיענאַצענטראַסן״, וועלכע זיינען פול געווען מיט כּל־טוב, און געמאַכט גוטע געשעפטן מיט די אַנגעפאַרענע קאָוונער יידן.

ווען מיינער א חבר, אַ דאָקטאָר, אַ פּליט פון לאָדזש, האָט מיר געוואָלט איינרעדן, איך זאָל פאָרן מיט אים צוזאַמען דורך יאַפּאַן קיין אַמעריקע, האָב איך געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ משוגענעם: „וואָס גלייכט ער זיך צו מיר. ער האָט שוין סיי ווי פאַרלוירן זיין היים, — האָב איך געטראַכט, — מעג ער ווייטער פאָרן. מיר אָבער, זיינען דאָך ביי זיך אין דער היים, וואָס דאַרפן מיר לויפן?...״ (דער ד״ר איז טאַקע בשלום געקומען קיין ניו־יאָרק און נישט געדאַרפט איבערלעבן דעם גאַנצן גהינום אין ווילנע).

אַ גרויסע צאָל פּליטים פון פּוילן, עטלעכע ישיבות, רבנים און רביים (מיר האָבן דאָן צום ערשטן מאָל געזען אויף די ווילנער גאַסן ייִדענע קאַפּאָטעס מיט שטריימלעך), און אַ געוויסע צאָל יוגנט — האָבן באַוויזן אַרויסצופאָרן און זיינען אָנגעקומען דורך גאַנץ רוסלאַנד קיין יאַפּאַן.

אָבער ווען זונטיק דעם 22־טן יוני 1941 יאָר האָבן זיך איבער ווילנע באַוויזן די ערשטע דייטשע אַעראָפּלאַנען און שוין בייטאָג האָט געברענט די נאַזאָוויע לעבן גרינעם בריק, האָט זיך ווילנער יוגנט מתנותוויז געלאָזט מיט אַלע וועגן אויף מזרח. אַ טייל איז נישט דערגאַנגען, געציילטע זיינען צוריקגעקומען (דעם אַלטן ד״ר ראָם האָט מען געבראַכט אויף די הענט), אָבער דער גרעסטער טייל האָט זיך דאָך געראַטעוועט.

אין שטאָט איז געבליבן, צוזאַמען מיט די פּליטים פון פּוילן, אַן ערך 80.000 יידן. שוין מאָנטיק, דעם 23־טן יוני איז געפאַלן דער ערשטער קרבן: פון אַעראָפּלאַן־באָמבעס זיינען חרוב געוואָרן אַ ריי הייזער אויף זאַוואַלנע גאַס און ס׳איז דערהרגעט געוואָרן די יונגע טאָכטער פון דער אויגן־דאָקטאָרין פרוי שיינקער. דעם זעלבן טאָג איז געשטאָרבן דער אַלטער קינדער־דאָקטאָר, דער פאָרזיצער פון צ. ב. ק. אין ווילנע — האַראַצי קאָוואַרסקי. דינסטיק זיינען אַריינגעקומען דורך אָסטראָבראָם די ערשטע דייטשע טאַנקען. אויף די גאַסן באַוויזט זיך די ערשטע מיטטיילונג פון שטאָט־קאָמענדאַנט צענפּעניג: כּדי צו זיכערן די אָרדענונג אין שטאָט זיינען גענומען געוואָרן 30 פּאָליאַקן און 60 יידן ערובניקעס. דאָס זיינען געווען יידן, וואָס מען האָט געכאַפּט פּשוט אין גאַס, מער האָט מען זיי שוין נישט געזען. צווישן די ערובניקעס איז אויך געווען דער אַזוי באַליבטער אַליושא בראַז, מענדל איידליטש, דער שניידער טאַרעל.

עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן גזירות אויף יידן: טראָגן אַ געלן „י״ (די געלע מגן דודס האָט מען איינגעפירט שפּעטער); נישט גיין מיט די לאַוועס; נישט קויפן אין די קראָמען, נאָר בלויז אויפן מאַרק און בלויז אין געוויסע שעהן; נישט באַגריסן זיך און נישט רעדן מיט אַריער; נישט אַריינגיין אין אַרישע הייזער, אויך נישט אין קיין קאַפּעען און רעסטאָראַנען; נישט אַרויסגיין פון שטוב נאָך 4 אַזייגער בייטאָג; אָפּגעבן אַלע גאָלד־און ווערט־זאַכן.

די ערשטע אַרעסטן: צוגענומען הרב פריד. אין איין טאָג נעמט מען צו די גרעסערע סוחרים און פאַבריקאַנטן (צווישן זיי: דוד בונימאָוויטש, יערמאַשא חלם, כתריאל גערשאַטער, יכותיאל מאָשקאָווסקי, כ. רינדזיון, מוסיק דעול, ברידער קרינסקי). פון ראַדיאָ האָט מען צוגענומען דעם דיריגענט האָפּמעקלער און דעם טאַלאַנטפולן פּיאַניסט כאַנעס. פון די זומערוווינונגען אין וואָלאָקומפּיע האָט מען צוגענומען דעם אינזש. קאַווענאָקי, ד״ר טראָצקיס זון; ס׳ווערן אַרעסטירט די יידישע קאָנדוקטאָרן פון די אויטאָבוסן, ווען זיי קומען נאָך זייערע שכירות.

אויף די גאַסן באַוויזן זיך יונגע ליטווישע פאַשיסטן — דאָס זיינען די „כאַפּערס״, מען זאָגט, אַז זיי באַקומען צו 10 רובל פאַר יעדן געכאַפּטן ייִדן. זיי גייען איבער די הייזער, זוכן אויף די בוידעמער און אין די קעלערן, פרעגן אויס ביי די שכנים — און שלעפּן אַרויס אַלע מענער, אַפילו גאָר אַלטע. כ׳האָב געזען דורך דעם פענצטער פון יידישן שפּיטאָל, ווי מען האָט געפירט דורך זאַוואַלנע גאַס, שטופנדיק בסדר אין פּליצע, דעם אַלטן רב שמעון טאָפּ און דעם אַלטן יוסף מייטעס.

גאַנצע הויפן בלייבן דורך נאַכט אָן די מענער. פון וויניסקיס הויף אויף קל. פּאָהולאַנקע נומ. 11 האָבן די כאַפּערס צוגענומען 60 יידן און זיי גלייך אַוועקגעפירט אויף פּאָנאַר. די דירות זייערע האָבן זיי פאַרחתמעט.

— „איר וועט גיין אויף אַרבעט״ — זאָגן די כאַפּערס צו די אַרעסטירטע און הייסן מיטנעמען אַ האַנטעך און אַ שטיקל זייף.

אַזוי טרייבן זיי טאָג־טעגלעך פּאַרטיעס יידן דורך גר. פּאָהולאַנקע, פאַרביי די סלופּעס אין דער ריכטונג צו פּאָנאַר — דאָס איז אַ שיינער וואַלד 8 קילאָמעטער פון שטאָט.

שכנים בארויקן די פארבליבענע פאמיליעס: „זיי גייען דאָך אויף ארבעט. אויף פאנאר געפינט זיך דאָך אַ גרויסער ארבעטער־לאגער"!

און כמעט אַלע גלויבן.

אויף פרויען ווערן געכאפּט מיט די מענער. די פרויען פון אינזש. וואלאדזיא גאָרדאָן, פון דוד רודאָמינסקי, די לערערין מינע סינאי, און נאָך אַ סך פרויען גייען מיט דעם זעלבן וועג.

די יידישע ארבעטער אויפן באן, פאבריקן, מלוכה־ווארשטאטן, און אלע וועלכע זיינען אַוועק אויף שווארצער אַרבעט — באקומען פון די דייטשן „שיינען". אַזאַ „שיין" ראטעוועט זיי פון די כאפּערס. אָבער אַ גרויסע טייל פון די גייסטיקע ארבעטער, די לערער, אָנגעשטעלטע, די גאנצע יידישע אינטעליגענץ — האָבן פארלוירן זייער אַרבעט און האָבן נאָך נישט קיין שיינען, און זיי גייען ביסלעכווייז אַוועק אויף פאנאַר.

אַ גרויסע צאָל יידן האָט זיך איינגעאָרדנט אויף אַרבעט אויף טאָרף אַרום ווילנע — אין רעשע, ביאלאָוואקא און קענע. גענומען די ליטווינער אַלע יידן פון קענע — 300 מאַן, נישט קוקנדיק אויף זייערע שיינען, מען ברענגט זיי קיין וועליטשאַן און מען דערשיסט זיי (צווישן זיי — דעם לערער טעפּער, זיין פרויס גענינע קולביס מיט דער טאָכטער — זיינען שפּעטער אומגעקומען אין לידע און דעם לערער קאגאַנאָוויטש).

אַ גרויסע צאָל ווילנער יידן האָבן זיך געפרוווט ראַטעווען אויף דער פּראָווינץ. אָבער אויך דאָרט האָבן אַ סך פון זיי געפונען דעם טויט. צווישן זיי: לערער צעמעל, אינזש. קאַמאַי, משה שאַליטס פרוי, לערער שפּייזער, אינזש. פונסקי, לערער דוד לובאצקי, סעקרעטאַר פון רעאַל־גימנאזיע פּומפּיאַן (ביידע אין לידע) ש. קלאַטשקאָ.

אין ווערעק ווערן דערשאָסן: קאַלמאַנאָוויטש (פּאַפּיר־סוחר) מיט זיין פרוי אַדאַ גאָרדאָן און זיין שוועסטער, די באַקאַנטע פּיאַניסטין האַלינא קאַלמאַנאָוויטש.

אויף מיינע אויגן נעמט מען צו דעם בוכהאלטער פון שאָפּענס ברויז — לאָנדאָן, נישט קוקנדיק אויף זיין שיין. דער יונגער ליטווינער, אַ שייגעץ פון אַ יאָר 18, האָט זיך איינגעשפּארט און אים נישט אָפּגעלאָזט. זיין שעף — מישאַ טאָוב מיט דער פרוי זיינען אַ טאָג פאַרן געטאָ באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. זיי, דער אלטער דאָקטאָר גרשון און יצחק סטראַשון — זיינען געווען די איינציקע, וואָס האָבן זיך אליין דאָס לעבן גענומען אין ווילנע. דער יונגער ליאָניא טאוב (זיין פרוי איז געווען קלעצקינס טאָכטער) איז געווען פון די ערשטע קרבנות פון די כאַפּערס.

ווען די כאַפּערס האָבן מיין פעטער אינזש. שלאָסבערגן, אַ שווער קראַנקער אויף אַסטמע, געטריבן אויף פאנאר, און ער איז נאָכגעלאָפן מיט די לעצטע כוחות נאָך דער פאַרטיע, איז צו אים צוגעגאנגען דער פוילישער דאָקטאָר יאַנאָוויטש און געפּרוווט ריידן צום געוויסן פון די כאפּערס. האָבן זיי דעם ד"ר געגעבן אַ פּאָר קלעפּ, אַריינגעשטופּט אין די יידישע רייען און געפירט עטלעכע קילאָמעטער מיט דער פאַרטיע. נאָר אַדאַנק דעם דייטשן ד"ר פון שפּיטאָל, וועלכן מען האָט וועגן דעם געגעבן צו וויסן, האָט מען קוים באַוויזן צו באַפרייען דעם ד"ר יאַנאָוויטש נישט ווייט פון פאנאַר.

גאַנץ אָפט זיינען געווען אַזעלכע פאלן, ווען אַ דייטשער זעלנער האָט געראַטעוועט אַ יידן פון צעיושעטע, אכזריותדיקע ליטווישע פאשיסטן. מיך אליין האָט אַ דייטשער געשטאַפּאָ־מאַן אין די קעלערן פון קרייז־געריכט אַרויסגעריסן פון די הענט פון אַ ליטווישן געשטאַפּאָ־אַגענט, אַ סטודענט פון ווילנער אוניווערזיטעט, שרייענדיק צו אים:

— „וואָס מאַכן זי? זי זינט סאַדיסטן!"

אין אויגוסט 1941 האָט די צאָל „געשיקטע אויף אַרבעט" דערגרייכט ביז 10 טויזנט.

אָט שטייען זיי פאר מיינע אויגן, אַזוי פיל פריינט און באַקאַנטע: די ליכטיקע געשטאַלט פון מיין פריינט דעם ראָש־ישיבה הרב וואלקין, אַדוו. פרייס מיטן זון, אינזש. קלעבאַנאָוו, פאַק, מישא שווארץ, סמאָליאַנסקי, קליאַטשקין, שאַמבעדאל, ברידער מאָרגענשטערן, מישאַ כוואָליעס, סאַלאַ בונימאָוויטש, אינזש. ברינקער, לייב שריפטזעצער, ברידער קאַגאַן (פון שאָפּען נ. 3), יעווזעראָוו (פון פאָלקס־באַנק), נחום וואַפּנער, מעלופּ, ברומבערג, קרוגליק, לערער הירשבערג, לערער וויקטאָראָוו, ביאָלאָג ד"ר ישראל ביבער (געוו. דירעקטאָר פון ייד. לערער־סעמינאר)... אלע איז אוממעגלעך אויסצורעכענען...

אין אויגוסט איז געקומען אַ נייע צרה: די דייטשן האָבן אַרויפגעלייגט אויף די יידן אַ קאָנטריבוציע פון 5 מיליאָן רובל. איך געדענק די זיצונגען פון דער קהלה אויף סטראַשון גאַס נומ. 6 און דעם טיש אויף וועלכן מען האָט געציילט און צונויפגעלייגט דאָס געלט, רינגען און זייגערלעך, וואָס די זאַמלער האָבן געבראַכט. איך געדענק, ווי צוזאַמען מיט שלמה גענס און דעם יונגן דודאַק האָבן מיר געבראַכט צו די ליטווינער אין „באַנק זיעמסקי" אַ 3 קילאָ קדושין־רינגען, און זיי האָבן זיך געדונגען מיט אונז און צוגענומען דאָס גאָלד לויטן אָפיציעלן קורס...!

מער ווי 3 מיליאָן רובל איז נישט געווען מעגלעך אויפצוזאַמלען, מיר זיינען געווען זיכער, אַז מורער, שפּעטער — דער ברוינער שעף פון געטאָ, וואָס דערהערנדיק זיין נאָמען פלעגן קליינע קינדער אין געטאָ מחמת שרעק אויסברעכן אין געוויין, — וועט אויסשיסן די גאַנצע קהלה־פאַרוואַלטונג, אַזוי ווי ער האָט געוואָרנט. איך געדענק מיין שוויגער־מוטער ד"ר שאַבאַד־גאַווראָנסקאַ, וועלכע איז געווען אַ מיטגליד פון קהלה־פאַרוואַלטונג (ביז מורער האָט איין מאָל אַ געשריי געטאָן: „איך ברויך קיינע פראַוען!"), ווי זי האָט זיך מיט אונז געזעגנט, גייענדיק מיט דער גאַנצער פאַרוואַלטונג אַוועקצוגעבן די קאָנטריבוציע מורערן אויף קליין־פּאָהולאַנקע. זי איז אומגעקומען, בלייבנדיק ביזן לעצטן מאָמענט אויפן פּאָסטן מיט די קינדער פון די פּרעכטיקע קינדער־אַנשטאַלטן, וואָס זי האָט געשאַפן אין געטאָ.

אויף די גאַסן זעט מען שוין כמעט נישט קיין יידן. די געבליבענע, אויב זיי האָבן נישט קיין גוטן שיין מיט אַ דייטשן שטעמפּל, באַהאַלטן זיך אויס.

אַ נייע גזרה: ס'איז פאַרבאָטן צו גיין דורך די הויפּט־גאַסן. שוין אוממעגלעך אַריינצוגיין צו מענטשן פון אַ ריי גאַסן. אַ סך העלפט אויספירן די שליחות פון דער קהלה די פרוי ניוטא סאלמאַן־שקורניק, זי האָט אַן אויסלענדישן פּאַס און די דייטשן גיבן איר אַ כאַפּיר, אַז די אַלע גזירות זיינען אויף איר נישט חל. אָבער גאָר אינגיכן ווערט זי דערשאָסן. אין יידישן שפּיטאָל צו דער אַרבעט — גיי איך דורך די קליינע געסלעך און דורך דער הקדש־גאַס, ווייט אַרומגייענדיק



אַקציע פון „געלע שיינען“ – 24 אָקטאָבער 1941 י.

יידן מיט זייערע משפחות גייען אַרויס פון געטאָ צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער. נאָך זייער אַרויסגיין וועלן אַריין אין געטאָ ליטווישע זעלנער און ס׳וועט פאָרקומען די „טשיסטקע“ פון די אַלע, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן נישט האָבנדיק קיין שיין. דער ייד ביים קינדער־וועגעלע ווייזט דעם געשטאַפּאָ־מאַן הערינג זיין „געלן שיין“ [אַזעלכע „געלע שיינען“ – לעבנס־שיינען, זיינען געווען 3.000]. לינקס – די בודקע, וו ס׳איז תמיד געשטאַנען אַ ליטווישער פּאָליציאַנט און שפּעטער איז דאָ אויפגעשטעלט געוואָרן דער באַרימטער געטאָ־טויער. הינטער דער בודקע – דער טויער נומ׳ 23 פון רודניצקער גאַס, וואָס אין זיין הויף אַריין פלעגט מען בעת די „אַקציעס“ אַריינשטופּן די יידן, געכאַפּטע אָן שיינען, צו שיקן אויף פּאָנאַר. רעכטס – אַ יידישער פּאָליציאַנט מיט אַ ווייס־בלויען אָרעם־באַנד.

(פאָטאָ אייגנטום פון נ. גירשאָווסקאַ־פּרוזשאַן).

זאַוואַלנע גאַס. די ד״רים גייען נאָך אָן מורא איבער די געסלעך, ווייל זיי האָבן באַקומען פון דעם דייטשן שטאַבס־אַרצט ד״ר צעלך „אייזערנע שיינען״, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אויף אייגענער אחריות (ער איז באמת געווען אַ גוטער מענטש, אַ קעגנער פון די נאַציס), אויף דער אינטערווענץ פון דער פרוי ליובא חלט, וועלכע איז געווען „פאַרבינדונגס־מאַן״ צווישן אים און דעם געטאָ אין די ענינים פון געזונט־וועזן. (אַ גרויסע צאָל ווילנער יידישע ד״רים פאַרדאַנקען איר זייער לעבן!). די כאַפּערס האָבן מורא געהאַט פירן די ד״רים „אויף אַרבעט״, דערזעענדיק דעם „אייזערנעם שיין״ מיט אַ האַקן־קרייץ, אַ ליטווישער שטעמפּל מיטן „פערדל״ האָט שוין נישט געטויגט.

איין מאָל האָט מיך אַ יונגער ליטווישער שייגעץ אָפּגעשטעלט לעבן האַלץ־מאַרק, ווען איך בין געגאַנגען מיטן ברוק אין די געלע לאַטעס פון שפּיטאָל אהיים. ער האָט לאַנג געדרייט מיין שיין אויף אַלע זייטן און מיט אַ זיפץ מיך אָפּגעלאָזן. דעם ד״ר לעוואַנדע אָבער האָט דער שיין אויך נישט געראַטעוועט — די ליטווינער האָבן אים צוגענומען פון שטוב און מער האָבן מיר אים נישט געזען. זיין טאָכטער מיט איר מאַן יאַשאַ בלאָך זיינען אויך אומגעקומען אויף פּאָנאַר.

דעם 25־טן אויגוסט אַרעסטירט מיך אין שטוב די ליטווישע געשטאַפּאָ און איך זיץ אָפּ 2 און אַ האַלב חדשים אין „לוקישקעס״ און אין די קעלערן פון קרייז געריכט אויף מיצקעוויטש־גאַס 36 (געשטאַפּאָ). איך קריג אַלע טאָג געפערלעכע קלעפּ פון מיינע ליטווישע וועכטער. אויך ביים פאַרהער גיט מען מיר קלעפּ. איך דערוויס זיך, אַז איך ווער באַשולדיקט אין געהערן צו אַ פּויליש־יידישער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע... אין דער צייט, ווען גאַנצע גאַסן יידן גייען אויף פּאָנאַר, אָן רשימות, אָן נעמען, אָן אַ צאָל — פירט זיך וועגן מיר אַן אויספאָרשונג, מיט פאַרהערן עדות (פאַרשטייט זיך — פאַלשע), שרייבן לאַנגע פּראָטאָקאָלן א. אַ. וו. און דאָס האָט מיך געראַטעוועט! פאַר אַ היפּשער באַלוינונג פירט מיך אַנהייב נאָוועמבער אַ ליטווינער אַרויס פון „לוקישקעס״ אין געטאָ אַריין. איך זע אויס ווי אַ לעבעדיקער מת. דאָ קוקן אַלע אויף מיר ווי אויף אַ געקומענעם פון יענער וועלט. און ס׳איז נישט קיין ווונדער! פון די אַלע יידן, האַלב־יידן און משומדים, וואָס איך האָב געטראָפן אין תפיסה, איז קיינער נישט געבליבן צווישן די לעבעדיקע. אין אַ שכנותדיקער קאַמער איז געזעסן דער יונגער אוציעכאָווסקי און דער אַ. וו. שירווינט (דעם אַפּטייקערס אַ פּלימעניק), אַ ביסל ווייטער — נח פּרילוצקי און דער שרייבער פּאַנסקי (אַ משומד פון וואַרשע), מיט מיר אין איין קאַמער — דער ד״ר זאַרצין פון קאָוונע (אויך אַ משומד).

דורך דעם פענצטער פון מיין קאַמער האָב איך עטלעכע מאָל געזען אויף דעם הויף פון „לוקישקעס״ מחנות יידן מיט פּעק און פּעקלעך. מיט קלעפּ און זידלערייען טרייבן זיי די ליטווישע זעלנער צום אַרויסגאַנג. זיי שרייען ווילד: „גרייט, גרייט! (גיכער, גיכער!) און מיט די ביקסן שטופּן זיי די יידן, וואָס לויפן קוים מיט די שווערע זעק און פּעק... זיי טרייבן וואָס גיכער, כדי די יידן זאָלן וואָס מער פּעק לאָזן ליגן אויפן הויף.

— וווהין טרייבט מען זיי?״ — פרעגן מיר, דערשראָקענע, ביי אונזערע וועכטער.

— אויף אַרבעט, — ענטפערן זיי, און מיר גלויבן.

און דערווייל פאַלן אין שטאָט אויף די יידישע קעפּ נייע אומגליקן: דעם 28־טן אויגוסט אַרעסטירן ליטווינער דעם אַלטן ד״ר וויגאָדסקי, וועלכער האָט מיט גרויס מוט און שטאָלץ כסדר פּראָטעסטירט און געפּאָדערט גערעכטיקייט.

— מיר וועלן זיי איבערלעבן, יידן! — פלעגט ער אָפט איבערחזרן: „מיר האָבן שוין נישט איין היטלער איבערגעלעבט אין אונזער געשיכטע!״

דער אַלטער לאַנגיאָריקער ראש־הקהל פון ווילנע שטאַרבט אויף דער פּאָדלאָגע פון אַ קאַמער אויף „לוקישקעס״.

דעם 31־טן אויגוסט קומט פאָר די באַרימטע „פּראָוואָקאַציע״: די דייטשן מעלדן, אַז פאַר שיסן אויף אַ דייטשן זעלנער אויפן ראָג גלעזער־גאַס און ברייטע גאַס ווערן גענומען „אויף אַרבעט״ אַלע יידן פון די אַרומיקע גאַסן. ס׳גייען אַוועק אויף פּאָנאַר אַן ערך 5000 מענער, פרויען און קינדער פון די גאַסן: דייטשע, יידישע, יאַטקעווער, גלעזער־גאַס, צווישן זיי — דער פּאָרזיצער פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג אליעזר קרוק, ד״ר ראַסאַלד פון וואַרשע, ד״ר בייקאָוויטש מיט דער גאַנצער משפּחה, ד״ר קושעלעוויטש, ד״ר ספּאָקאָיני א. אַ.

דעם 1־טן סעפּטעמבער קומט אויף סטראַשון־גאַס 6 אין דער קהלה דער געשטאַפּאָ־מאַן שוויינענבערג. אונטערן אויסרייד, אַז די קהלה האָט נישט צוגעשטעלט צו דער צייט די געפאָדערטע 10 פורמאַנקעס מיט פערד (אָגב אַלע פערד האָבן שוין די דייטשן פריער רעקווירירט) פאַרנעמט ער כמעט די גאַנצע קהלה־פאַרוואַלטונג: אינזש. שאול טראָצקי, הרב שוב, א. לאַנגבאַרד (פון יידישן באַנק), ישראל ווערבלינסקי (פאַרוואַלטער פון ווילנער קהלה), א. ווענגראָווסקי, יוסף שאַבאַד, באָריס פּרנס, אַדוו. סייפער, אַדוו. פּנחס קאָן, אברהם זאַלקינד, אַדוו. קאַצנעלסאָן, פּיעטוכאָווסקי (פון שאוול), אַדוו. זילבערשטיין. אין ביוראָ פון דער קהלה אַרבעט דער געוועזענער פאַרוואַלטער פון דער ביבליאָטעק „מפיצי השכלה״ קראַסני — הייסט שוויינענבערג אים אויך גיין. אין יודן־ראַט בלייבן: דער אינזש. אברהם פריד און אַדוו. גרישאַ יאַשונסקי. שפּעטער האָט דער „אָבער יודע״ פריד קאָאָפּטירט: אברהם זיידנשנורן, אַדוו. מילקאָנאָוויצקין און דעם שוסטער פישמאַן. די צוגענומענע פירט מען אָפּ אויף [illegible]יאַרנע גאַס אין געשטאַפּאָ און פון דאָרט גלייך אויף פּאָנאַר.

* * *

שבת דער 6־טער סעפּטעמבער — דער טאָג פון גיין אין געטאָ: איבער דער גאַנצער שטאָט טרייבט מען אַרויס די יידן פון די דירות. אין משך פון געציילטע מינוטן האָבן זיי דאָס רעכט צו נעמען נאָר אַזוי פיל זאַכן, וויפל זיי קאָנען שלעפּן אויף זיך.

דאָס ווילנער געטאָ — דאָס זיינען 7 שמאָלע, שמוציקע געסלעך צווישן רודניצקער און סטראַשון־גאַס. דאָס 2־טע געטאָ, וואָס האָט עקזיסטירט נישט לאַנג — זיינען די גאַסן: יידישע, גלעזער־גאַס, יאַטקעווער און גאָאָנס גאַס. אָבער שוין זייער גיך ווערן די ביידע געטאָס אַזוי געפּאַקט, אַז מענטשן זיצן אויף די טרעפּ און הויפן אויף זייערע פּעקלעך. דאַן פירט מען די ווייטערדיקע פּאַרטיעס אין דער לוקישקער תפיסה. גאַנץ קאַלוואַרייסקע גאַס, אַ טייל גר. פּאָהולאַנקע, ווענגלאָווע גאַס — גייען דירעקט אין לוקישקעס. נאָך

אַ פּאָר טעג וואַלגערן זיך אויפן הויף פון תפיסה מיט קליינע קינדער אונטערן רעגן, מאַכן די דייטשן אַ סעלעקציע: אַ קליינע צאָל פאַך-לייט מיט זייערע פאַמיליעס פירט מען אָפּ אין געטאָ, די איבעריקע, וואָס האָבן נישט קיין פּאַפּירל פון וועלכן נישט איז פאַך — פירט מען אויף פּאָנאַר. די גרעסטע צאָל יידישע פרויען, וועלכע זיינען שוין אָן מענער, ווייל די כאַפּערס האָבן זיי צוגענומען, גייען איצט מיט די קינדער אויף פאנאר.

איך דערמאָן זיך אַ שרעקלעך בילד, וואָס איך האָב געזען, זיצנדיק אין לוקישקער תפיסה: איין מאָל ענדע סעפּטעמבער 1941, איז מען געקומען צו אונז אין קעלער, ווו מיר, יידן, זיינען געזעסן באַזונדער, און אַוועקגעפירט אונז דורך אַ פּאָר תפיסה-הויפן אין באָד. פאַרבייגייענדיק, האָב איך אין הויף דערזען אַ באַרג קינדער-וועגעלעך — אַ הויכער באַרג פון אַ פּאָר הונדערט וועגעלעך, ווייסע, געלע און בלויע, נייע און אַלטע. אָנגעוואָרפן איינס אויפס אַנדערע, האָבן זיי געגלאָנצט מיט זייערע ניקלירטע טיילן קעגן דער זון, און האָבן שטום געשריען מיט זייער גלאַנץ: פאַרגעדענקט, יידן! פאַרגעסט אונז נישט! זאָל אייך אַלעמאָל קלינגען אין די אויערן דאָס געוויין פון יידישע עופעלעך, וואָס זיינען פון די וויגעלעך אַרויסגעריסן געוואָרן!

ווער ס'האָט דעם שוידער געזען — וועט דאָס אויף זיין לעבן נישט פאַרגעסן.

וויפל פריינט און נאָענטע זיינען שוין פון לוקישקעס נישט צוריקגעקומען!

די פּיאַניסטינס אָליא וויזון און צילא מאַרגאָליס-האַלפּערן, דאָצענט פון ווילנער אוניווערזיטעט מאַקס חפץ, גרישע כוואַלעס, אננא זאַלקינד, ד"ר מאַקאָווערס אַלמנה, ד"ר זאַרצינס אַלמנה, ד"ר קאַטיא באַראַנאָווסקאַ מיטן זון אַ יונגער ד"ר און אַ טאָכטער, אַדוו. רודניצקיס פרוי, פאַניא באַק מיטן זון אַ קאָמפּאָזיטאָר, אַדוו. טשערניכאָווס פרוי, שוועסטער שולעוויטש...

זייט מוחל איר אַלע, הונדערטער און טויזנטער, וועמענס נעמען האָב איך נישט דערמאָנט!...

אין געטאָ זיינען געקומען די „גליקלעכע", אָבער אויך נישט אויף לאַנג! שוין דעם זעלבן שבת ביינאַכט האָבן זיך די ליטווינער אַרומגעזען, אַז אויף לידסקער געסל, וואָס איז אויך באַשטימט געווען פאַרן געטאָ — געפינט זיך דער קלויסטער פון הייליקן מיקאַלאַי! האָט מען די זעלבע נאַכט אָפּגערוימט די גאַנצע גאַס, און צוגענומען אַלעמען פון אַלע דירות, טרעפּ און הויפן; מענטשן, וואָס האָבן נאָך נישט באַוויזן אַפילו אַוועקצולייגן זייערע פעקלעך, האָט מען ביינאַכט געטריבן אין „לוקישקעס". אַ קליינע צאָל פאַך-לייט זיינען צוריקגעקומען, צווישן זיי: ד"רים ברײדבאַרד, מאַקס בוראַק און וואָלקאָוויסקי מיט זייערע פאַמיליעס. אַלע איבעריקע — אַ פּאָר טויזנט מענער, פרויען און קינדער — זיינען אַוועק אויפן פּאָנאַר.

און דאָס לידסקער געסל איז געבליבן פריי פאַר אַלע גלויביקע, צו גיין בעטן גאָט אין קלויסטער פון הייליקן מיקאַלאַי!

שוין אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן די דייטשן דערקלערט, אַז דאָס 2-טע געטאָ איז נאָר פאַר שוואַרצע אַרבעטער, און האָבן דורכגעפירט עטלעכע „אַקציעס". סוף אָקטאָבער איז שוין דאָס גאַנצע 2-טע געטאָ געשטאַנען ליידיק. אַן ערך 10 טויזנט יידן מיט פרויען און קינדער זיינען ווידער אַוועק אויף פאנאר. דער שול-הויף, סטראַשונס ביבליאָטעק, אַלע קלויזן און דירות, ווו הונדערטער יאָרן האָבן יידן געשאַפן זייער קולטור — זיינען געבליבן שטיין הפקר: דער המון האָט דאָרטן גערויבט, געבראָכן און פאַרניכטעט.

ווען מיר זיינען געקומען אין דעם 2-טן געטאָ דעם 4-טן נאָוועמבער (מען האָט אַלעמען מיט געלע שיינען אָפּגעפירט פון דעם 1-טן געטאָ אַהין אויף אַ פּאָר טעג, כדי דערווייל אויסצוזוכן אַלע מלינות, ווו ס'האָבן זיך באַהאַלטן מענטשן אָן שיינען) — האָט אין דעם געוועזענעם 2-טן געטאָ אַלץ אויסגעזען אַזוי, ווי נאָך אַ פּאָגראָם...

אין צווייטן געטאָ זיינען אומגעקומען די פּיאַניסטינס שוועסטער קרעווער, מאַניא פרנס, ד"ר בלומאָוויטש מיט דער פאַמיליע, פרוי האָפּמעקלער, פּיאַניסטין ראַשעל גאָלדבלאַט.

אויף אַזאַ אופן זיינען שוין אין נאָוועמבער 1941 יאָר פון 80 טויזנט יידן אין ווילנע — געבליבן אין געטאָ אינגאַנצן 20 טויזנט. און פאַר די „גליקלעכע" לעבן-געבליבענע יידן האָט זיך אָנגעהויבן דער גהינום פון דעם געטאָ-לעבן, וואָס האָט געדויערט 2 לאַנגע פינצטערע יאָר!...

.2

# פּאָנאַר

שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן,
קברים וואַקסן דאָ!

צוויי וואָכן נאָך אונזער באַפרייט ווערן דורך דער רויטער אַרמיי. ווו איז ער, דער ערשטער רויטאַרמייער, דער גואל, מיט וועלכן איך האָב זיך אַזוי הייס-הייס צעקושט?... מיר, יידן, שטייען איצט לעבעדיקע אויף פּאָנאַר! לעבעדיקע, געציילטע, און וויפל ליגן דאָ דערמאָרדעטע? גאָט אין הימל!

דער הימל איז בלוי. דער וואַלד פאַרשטעלט די הייסע תמוזדיקע זון, דער וואַלד איז, ווי אַלעמאָל, שיין און שאָטנדיק און פאַרבעט אויף אָפּרו. אָבער.. די שורות מתים אין די צעגראָבענע קברים און דער שרעקלעכער מתים-גערוך, מיט וועלכן ס'איז דורכגעזאַפּט דער גאַנצער וואַלד, מאַכט משוגע!

דאָ איז דערשאָסן געוואָרן אויך מיין מוטער! פון דעם טייערסטן, פון דעם צאַרטסטן איז-בלויז דער גערוך פאַרבליבן, פאַר וועלכן מען רייסט זיך צו אַנטלויפן...? זייט מוחל, איר אַלע טייערע קדושים, פאַר דעם דאָזיקן לעסטערנדיקן געפיל! — — —

שוין סוף יאָר 1943 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן פאַרווישן די בלוטיקע סימנים פון זייערע מערדערייען. אין אַ טיפן בונקער נישט ווייט פון די גריבער האָבן זיי באַזעצט זעכציק יידן און עטלעכע געפאַנגענע רויטאַרמייער צום דאָזיקן צוועק. די דאָזיקע, אויך טויט פאַרמשפּטע מענטשן, מיט קייטן אויף די פיס, האָבן אין משך פון זיבן חדשים געברענט די מתים אויף גרויסע שייטער-הויפנס. זיי האָבן פאַרברענט אַן ערך אַכציק טויזנט מתים פון די הונדערט זעקס טויזנט, וואָס זיינען דערשאָסן געוואָרן אויף פּאָנאַר (אין דער צאָל — זעכציק טויזנט יידן).

דאָס דערציילן אונז טאַקע די בונקער־לייט, דער רויט־אַרמייער קאָסטיא פּאַטאַגין און דער ייד אָוסייטשיק, וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבן צו ראַטעווען זייער לעבן פון דער לייבן־גרוב.

מיר שטייען נעבן זייער בונקער. זיי ווייזן אונז, ווו זיי האָבן געאַרבעט... אָט איז דער טונעל, וואָס זיי האָבן געגראָבן אין משך פון פיר חדשים כמעט אויף די אויגן פון די דייטשע פּאָסטנס, וואָס האָבן זיי געהיט טאָג און נאַכט. דער טונעל איז 36 מעטער די לענג נאָר דער פעסטער גלויבן איז דעם, אַז [illegible] וועלן איבערלעבן היטלערן האָט געגעבן זיי, די אומגליקלעכסטע פון אַלע אומגליקלעכע יידן, אַזוי פיל כוחות אויף צו שאַפן אַזאַ ריזיקע אַרבעט! בלויז 14 פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט און דערשלאָגן זיך צו די פּאַרטיזאַנער. צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד האָט מען זיי געוואַשן, גערייניקט און געשקראָבעט, אָנגעטאָן זיי נייע בגדים — און דער אימהדיקער מתים־גערוך, וואָס זיי האָבן פאַרשפּרייט אַרום זיך, האָט זיך נישט געוואָלט פון זיי אָפּטאָן.

זיי ווייזן אונז די פאָרגעקומענע „אַקציעס״ און „טשיסטקעס״ אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר:

אָט איז די גרוב, ווו עס זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אַ זעקס טויזנט יידן, געכאַפּטע פון גאַסן און דירות דורך די ליטווישע „כאַפּערס״ נאָך פאַרן געטאָ (יולי און אויגוסט 1941־טן יאָר). מען פלעגט זיי רופן כלומרשט אויף אַרבעט און הייסן זיי מיטנעמען מיט זיך אַ האַנטעך מיט אַ שטיקל זייף. ביי זיי, אַלע כמעט יונגע מענער, זיינען די הענט געווען געבונדן מיט אַ האַנטוך. זיי זיינען אויך געווען גוט אָנגעטאָן. ווייל די ערשטע צייט פלעגט מען די קרבנות נישט אויסטאָן נאַקעט, ווי דאָס איז געווען ווי אַ כלל שפּעטער.

אָט איז די גרוב פון דער „פּראָוואָקאַציע״, ווען מען האָט אין איין נאַכט, אַ וואָך פאַרן גיין אין געטאָ, אַוועקגעפירט פון די גאַסן — דייטשע, יידישע, גלעזער־גאַס, יאַטקעווער — אַ פינף טויזנט יידן מיט פרויען און קינדער.

אָט איז אַ גרוב, ווו עס ליגט דאָס גאַנצע צווייטער געטאָ — אַן ערך צען טויזנט מענער, פרויען און קינדער.

דאָ ליגט די „יום־כיפור־אַקציע״ — צוויי טויזנט קרבנות.

דאָרטן — „די אַקציע פון געלע שיינען״. אַ ביסל ווייטער „די אַקציע פון געשטאַפּאָ־בלאָק אויף סטראַשון־גאַס״.

אָט איז דער פּלאַץ, ווו עס איז דערשאָסן געוואָרן די גאַנצע ווילנער פּראָווינץ, דעם 5־טן אַפּריל 1943 אַלץ יונגע געזונטע מענער און פרויען פון סוויענציאַן, אָשמענע, מיכאַלישאָק און אנד. — פיר טויזנט פינף הונדערט יידן. געזאָגט האָט מען זיי, אַז מען פירט זיי אין קאָוונער געטאָ, נאָר געבראַכט האָט מען זיי אַהער. פיל פון זיי האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און נישט איין ליטווישער פּאָליציאַנט האָט נאָכדעם געהיילט די ווונדן, וואָס ער האָט דאָ געקריגן, לויט עס האָבן אונז שפּעטער דערציילט די פּוילישע דאָקטוירים.

און אָט שטייען מיר פאַר נאָך גאָר פרישע קברים.

דאָ זיינען צוועלף טעג פאַר דער באַפרייונג דערשאָסן געוואָרן די לעצטע יידן פון די לעצטע אַרבעטער־בלאָקן: „קייליס״ (אין דער געוועזענער פאַבריק „עלעקטריט״), ה. ק. פּ. (אין די ביליקע הייזער אויף סובאַטש) און פון קריגס־לאַזאַרעט אויף אַנטאָקאָל.

דעם קערפּער פון ד״ר פייגוס, ד״ר פון בלאָק קייליס, האָט מען דערקענט. אָט איז זיין קבר מיט אַן אויפשריפט — דער איינציקער באַזונדערער קבר דאָ...

איך גיי צווישן די גריבער, און פאַר מיינע טריבע אויגן גייען אויף אַזוי פיל טייערע און נאָענטע, אַזוי פיל חברים און פריינט, ווי זיי שטייען דאָ נאַקעטע ביי די גריבער און וואַרטן אויף זייער ריי...

און עס דערמאָנט זיך מיר די לערערין טעמע קאַץ, איינע פון די געציילטע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון פּאָנאַר. איר מאַן מיט 2 קינדער זיינען דעם זעלבן טאָג דערשאָסן געוואָרן. זי איז מיט איין אויגנבליק פאַרן שאָס געפאַלן אין גרוב, ביינאַכט אַרויסגעקראָכן פון אונטער די מתים און צוריקגעקומען אין געטאָ מיט פלעקן פון וואַפנע אויף די בגדים.

אַן עפּיזאָד, וואָס זי האָט מיר דערציילט, ווען זי איז געלעגן אין געטאָ־שפּיטאָל נאָך אַ קראַנקע:

„...דער טאָג איז אַ הייסער. מיר זיינען אויף פּאָנאַר. פרויען און קינדער האָט מען אָפּגעטיילט. מיר זיצן אונטער די ביימער און וואַרטן אויף אונזער ריי. פופציק טריט ווייטער פון אונז שיסט מען. אָבער זיי האָבן היינט אַ סך „אַרבעט״, און זיי לאָזן אונז אַזוי וואַרטן שוין אַ שעה צייט. דער שעף פון פּאָנאַר, דער געשטאַפּאָ־מאַן ווייס, גייט צו צו דער יונגער מיידל פון אַ יאָר זעכצן, וואָס זיצט נעבן מיר מיט איר מוטער.

— האָסט דו שוין איין מאַן? — פרעגט ער ביי איר.

— הערעלע, וואָס רעדט איר! זי איז נאָך אַ יונג קינד! — ענטפערט די מוטער.

— קום מיט, — זאָגט ווייס צו דעם מיידל און פירט זי אַוועק.

— אפשר וועט ער זי אָפּלאָזן. זי איז דאָך נאָך אַזוי יונג, — טרייסטן מיר די מוטער. אָבער גלייך דערהערט זיך אַ קורצער רעוואָלווער־שאָס. ווייס האָט דערשאָסן דאָס מיידל פון הינטן אין קאָפּ. ער האָט איר געוואָלט פאַרשפּאָרן די יסורים פון וואַרטן. אַ יונג שיין מיידל האָט זי פאַרדינט ביי אים דעם „גנאַדעטאָד״, ווי די דייטשן פלעגן דאָס רופן...״

דערווייל האָט זיך שוין צונויפגעזאַמלט דער עולם. באַלד וועט דאָ פאָרקומען אַ גרויסער מיטינג פאַר די אָפענע גריבער. אויך מיר שטייט פאָר צו ריידן אַלס פאָרשטייער פון דעם הייפעלע געראַטעוועטע ווילנער יידן.

איך פיל, אַז איך וועל נישט אימשטאַנד זיין אויסצודריקן מיט ווערטער דעם צער און ווייטיק פון מיין פאַרבלוטיקט האַרץ, דעם ברענענדיקן האַס צו אונזערע תלינים, די ליטווישע פאַשיסטן און דייטשן, און דעם פלאַמיקן געשריי, וואָס רייסט זיך פון אונזערע אַלעמענס צעפּייניקטע געמיטער: נקמה! נקמה! נקמה!

מיין רעדע האָב איך פאַרענדיקט אַזוי:

— מיר, דאָס קליינע רעשטל לעבנגעבליבענע יידן, זאָגן דאָ ביי די אָפענע קברים צו די דייטשע תלינים און זייערע ליטווישע משרתים די ווערטער פון דעם גרויסן פּאָעט:

„מיט אייער גאָרן בלוט דעם שוואַרצן
איר וועט נישט אָפּוואַשן דאָס בלוט, דאָס
הייליקע, מיין פאָלקס״.

לאָדזש, 1947.

# שטילער, שטילער...

טעקסט: *ש. קאטשערגינסקי.*

מוזיק: *א. וואָלקאָוויסקי.*

שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן,
קברים וואַקסן דאָ.
סיהאָבן זיי פאַרפלאַנצט די שונאים
גרינען זיי צום בלאָ.
סיפירן וועגן צו פאָנאר צו,
סיפירט קיין וועג צוריק.
איז דער טאַטע ווו פאַרשוווּנדן
און מיט אים דאָס גליק.
שטילער, קינד מיינס, וויין נישט אוצר
סיהעלפט נישט קיין געוויין.
אונזער אומגליק וועלן שונאים
סיי ווי נישט פאַרשטיין.
סיהאָבן ברעגעס אויך די ימען,
סיהאָבן אויכעט תפיסות צאַמען,
נאָר צו אונזער פיין
קיין ביסל שיין.

פרילינג. אויפן לאַנד געקומען
און אונז הארבסט געבראַכט,
איז דער טאָג היינט פול מיט בלומען
אונז זעט נאָר די נאַכט.
גאָלדיקט שוין דער האַרבסט אויף שטאַמען
בליט אין אונז דער צער.
בלייבט פאַריתומט ווו אַ מאַמע
סיקינד גייט אויף פאָנאַר.

די ווילִיע א געשמידטע
טיאויך געיאָכט אין פיין.
יאָגן קריעס אייז דורך ליטע
איצט אין ים אַריין.
סיוועדט די חושכנישׂ צערונען
פון ווער פינצטער לויכטן זונען
רייטער, קום געשווינד,
דיך רופט דיין קינד.

שטילער, שטילער, סיקוועלן קוואַלן
אונז אין הארץ אַרום,
ביז דער טויער וועט נישט פאַלן
זיין מיר מוזן שטום.
פריי נישט קינד זיך, סיאיז דיין שמייכל
איצט פאר אונז פאראַט.
זען דעם פרילינג זאָל דער שונא,
ווי אין הארבסט אַ בלאַט.
זאָל דער קוואַל זיך רויק פליסן
שטילער זיי און האָף!
מיט דער פרייהייט קומט דער טאַטע,
שלאָף זשע, קינד מיינס, שלאָף.
ווי די ווילִיע אַ באַפרייטע,
ווי די ביימער גרין־באַנייטע,
לייכט שוין פרייהייטס־ליכט
אויף דיין געזיכט.

**פּראָפ. ד״ר י. מאַוושאָוויטש**
פּראָפעסאָר פון לאָדזשער אוניווערזיטעט

# דערינערונגען פון שול־וועזן אין ווילנער געטאָ

די יידישע ווילנע, דאָס וויגעלע פון דער נייער יידישער קולטור, די שטאָט, וועלכע איז אַריין אין דער געשיכטע פון דעם מאָדערנעם יידישן לעבן, די שטאָט פון ווילנער גאון, ווילנער טרופּע, יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און הונדערטער קולטורעלע אַנשטאַלטן — עקזיסטירט שוין נישט. אַלץ ליגט אין חורבות, די אַלטע יידישע שטאָט־שול מיט די אַרומיקע געסלעך ליגן אין שטויב, נאָר ערגעץ־וווּ געבליבענע, צעשפּאָלטענע, צעשמעטערטע ווענט דערציילן וועגן דער אַמאָליקער רומפולער געשיכטע פון ירושלים־דליטא. די גרעסטע מערהייט, 95 פּראָצענט, פון דער יידישער ווילנער באַפעלקערונג איז אומגעקומען. די רעשטלעך פון די לעבנגעבליבענע ווילנער יידן האָבן זיך צעשטויבט איבער דער גאַנצער וועלט. צעזייטע און צעשפּרייטע, ווייט איינע פון די אַנדערע, בינדט אונז אַלעמען די אומבאַשרייבלעכע בענקשאַפט צו דער געבורטס־שטאָט, מאַמע־ווילנע, צו די וווּנדערבאַרע אין די שבתדיקע טעג שטילע, שמאָלינקע געסלעך, ווי גיטקע טויבעס זאַאולעק, קאָמעניצקער, אַראָפּ שלאָס־גאַס, צום באַרימטן דורכהויף א. אַז. וו. מיר, געבליבענע יתומים פון דער גרויסער יידישער שטאָט, באַוויינען איר אומקום או דערמאָנען מיט שטאָלצקייט איר שיינע רומפולע פאַרגאַנגענהייט.

אפילו אין די שרעקלעכסטע צייטן פון געטאָ־לעבן, ווען די גאַנצע ווילנער יידישע באַפעלקערונג איז פאַרשפּאַרט געוואָרן אין די ענגע, שמאָלע זיבן געסלעך, איז דער גייסט פון ווילנע נישט אונטערגעגאַנגען. כמעט ביז די לעצטע טעג פון ליקווידאַציע האָבן עקזיסטירט די פאָלקס־שולן און די גימנאַזיע. אַ חוץ די דריי פאָלקס־שולן האָבן פונקציאָנירט אין ווילנער געטאָ אַ יוגנט־קלוב, אַ קינדער־קלוב, אַ ליטעראַטן־פאַריין, די סטראַשון־ביבליאָטעק, וועלכע פלעגן איינאָרדענען קולטורעלע פאַראַנשטאַלטונגען. די געשריבענע אַפּישן פלעגן אַנאָנסירן וועגן די אינטערעסאַנטע לעקציעס, פאָרשטעלונגען און פאַרזאַמלונגען. די ליטעראַטן פלעגן אַרויסטרעטן מיט זייערע שאַפונגען. די יוגנט האָט באַרירט אויף אירע וואָכעדיקע צוזאַמענקומען אַ חוץ אקטועלע ענינים אויך ליטעראַרישע, היסטאָרישע און סאָציאָלאָגישע טעמעס. אין דעם האָבן די אויסגעמאַטערטע און געפּייניקטע גופים געפונען גייסטיקן אָפּרו. קוים געקומען פון דער שווערער אַרבעט, אַרומגעוואַשן הענט און פּנים, און מען איילט זיך צו טרעפן מיט חברים און באַקאַנטע.

דעם יידישן קינד האָט מען אין ווילנער געטאָ געשענקט אַ סך אויפמערקזאַמקייט. צוזאַמען מיט דער יידישער באַפעלקערונג איז די יידישע ווילנער לערערשאַפט, געפינענדיק זיך אין די שרעקלעכסטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, גלייך צוגעטראַטן צו אָרגאַניזירן דעם שול־וועזן. זייענדיק אַליין הונגעריק און נאַקעט, האָט די לערערשאַפט באַשלאָסן נישט צו לאָזן דאָס יידישע קינד אויף דער גאַס, ווו צוליב די אומנאָרמאַלע באַדינגונגען האָט עס געקאָנט לייכט פאַרקריפּלט ווערן.

ווען טאַטע־מאַמע און עלטערע ברידער און שוועסטער זיינען געווען אויסערן געטאָ אויף די שווערע פיזישע אַרבעטן, האָט דאָס אין געטאָ פאַרבליבענע קינד געפונען אין שול אַ געזונטע מאָראַלישע סביבה, דערציִונג און אַ געוויסע מאַטעריעלע שטיצע, וועלכע איז באַשטאַנען פון אַ קליין פענעצל ברויט מיט אַ טעלער וואַרעם געקעכץ.

די ערשטע פאָלקס־שול האָט זיך געפונען אויף שאַוועלסקע גאַס 1, די צווייטע — אויף סטראַשון־גאַס 12, און די דריטע — אין אַמאָליקן יאַנאָווסקעס דורכהויף אויף דייטשע גאַס 21 (אַריינגאַנג דורך אַשמענער געסל). די גימנאַזיע וואָס איז פריער געווען אַן אונטער־שול און זיך געפונען אויף סטראַשון־גאַס 12, האָט מען דערנאָך אַריבערגעטראָגן אויף דייטשע גאַס 21. דער פאַרוואַלטער פון דער ערשטער פאָלקס־שול איז געווען לערער לייקין, פון דער צווייטער—בושעל גדליהו און פון דער דריטער — ל. שעפּטעל. דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע — דער אַמאָליקער דירעקטאָר פון דער באַרימטער יידישער רעאַל־גימנאַזיע, לערער טורבאָוויטש.

איך האָב מיטגעאַרבעט אין דער דריטער פאָלקס־שול און הויפּטזעכלעך אין דער גימנאַזיע. דעריבער וועל איך זיך לענגער אָפּשטעלן אויף דער אַרבעט פון דעם אַנשטאַלט.

דער לערער־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: דירעקטאָר טורבאָוויטש האָט געלערנט יידישע געשיכטע; וויצע־דירעקטאָר, לערער לייב שעפּטעל — געלערנט העברעיש און יידישע געשיכטע. לערערין ליזע גאָרדאָן — אַלגעמיינע געשיכטע; לערערין מירע בערנשטיין און לערער ברוך לוּבאָצקי — געלערנט יידיש; מאַטעמאַטיק און פיזיק האָט געלערנט לערער סטאָליצקי און ל. בערנשטיין; ביאָלאָגיע, געאָגראַפיע און כעמיע — דער שרייבער פון די שורות; אפילו לאַטיין האָט מען אויך אַריינגעשטעלט אין פּראָגראַם פון דער יידישער געטאָ־גימנאַזיע. דעם פאר די קינדער שווערן לימוד האָט געפירט לערערין בערטע גראָסמאַן; צייכענען האָט געלערנט דער קינסטלער יעקב שער; אויך וועגן געזאַנג האָט מען נישט פאַרגעסן. פריער האָט אים געפירט לערער גערשטיין, דערנאָך לערער סלעפּ, און ביז די לעצטע טעג פון אומקום — די לערערין מיכלע קאַפּלאַן; פּאַלעסטינאָגראַפיע, רעליגיע און תנ״ך זיינען געווען אָבליגאַטאָרישע לימודים אין דער געטאָ־גימנאַזיע; ד״ר פעלדשטיין, דירעקטאָר פון דער העבר. גימנאַזיע אין קאָוונע — העבר. ליטעראַטור און יידישע געשיכטע. די דייטשע שפּראַך האָט געלערנט די לערערין קליינער.

דאָ האָבן זיך דערלאַנגט די הענט די יידישיסטן מיט די העברעיסטן. אויף די פאַרשידענע גימנאַזיע־פאַראַנשטאַלטונגען פלעגן די פּראָגראַמען זיין דורכ־

געפלאָכטן פון דער יידישער און העברעישער שפראַך. נאָך אַ יידיש ליד פלעגט קומען אַ העברעישער שיר, און נאָך דעם ווידער אַ מאָנאָלאָג פון דער יידישער ליטעראַטור.

אין דער געמיטלעכער סביבה פון דער יידישער שול פלעגן זיך די קינדער אויסלעבן, אַ שטיף, אַ לאַך און אַ שפרונג טאָן. צייטנווייז, ווען עס איז געווען אַ שטילע שעה אין געטאָ, (קיין שטילע טעג זיינען נישט געווען), פלעגן זיי זינגען און טאַנצן און אַזוי אַרום פאַרגעסן דאָס שרעקלעכע געטאָ-לעבן, דעם מאָרגנדיקן אומבאַרחמנותדיקן גורל. די לערער, זייענדיק צוזאמען מיט די קינדער, האָבן געוועקט ביי זיי דעם גלויבן אין מאָרגנדיקן בעסערן טאָג, אין דעם, אַז די שונאים וועלן האָבן די מפּלה און די אויסלייזונג וועט קומען. הערנדיק די ווערטער, פלעגן זיך אויסלייטערן זייערע פּנימלעך און אַ טיפער זיפץ פלעגט זיך אַרויסרייסן פון די הערצלעך.

מיט גרויס ליבשאַפט האָט מיטגעלעבט מיט די קינדער די לערערין מירע בערנשטיין — אַ דערפאַרענע פּעדאַגאָגין מיט אַן אײדעלן כאַראַקטער און טיפער מענטשלעכער ליבע. זי פלעגט ריידן שטיל, און די קינדער זיינען געזעסן ווי פאַרכישופטע סיי אויף אירע לעקציעס, סיי אויף רעפעראַטן אָדער אָוונטן. מירע בערנשטיין האָט שטענדיק מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן מיט זיי מיטגעזונגען, און אויף קיין איין מאָמענט נישט פאַרשטערט זייער קינדערישן אָפּטימיזם מיט די שוואַרצע אויסזיכטן פון געטאָ-לעבן.

גאָר אַנדערש פלעגט מירע בערנשטיין אויסזען אין לערער-צימער. דאָ פלעגן די לערער ריידן וועגן די פאָרשטייענדיקע „טשיסטקעס" אין געטאָ און ס'פלעגט זיך פונאַנדערוויקלען דאָס אמתע בילד פון דעם אומבאַשרייבלעכן אומגליק. ערשט דער קלונג פלעגט איבעררייסן די פּיין.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די גימנאַזיע, ווי אויך די פאָלקס-שולן, זיינען געווען אומלעגאַלע, ווייל די יידישע קינדער האָבן זיך נישט געטאָרט לערנען, איז דער לימוד אין די שולן פאָרגעקומען גאַנץ נאָרמאַל. נאָר עס פלעגט טרעפן, אַז אין געטאָ איז געקומען די געשטאַפּאָ, אָדער מורער, דער רעפערענט פון יידישע ענינים ביים דייטשן געביטס-קאָמיסאַר. מורער פלעגט אַרויפוואַרפן אַ שרעק אויף קינד און קייט. ער פלעגט גיין אין די פּריוואַטע הייזער, אַריינגיין אין קיך און, געפינענדיק אין טעפּל עפּעס, וואָס איז אים נישט געווען געפעלן, פלעגט ער אַרויסגיסן אַלץ. מורער האָט אויך אַרויסגעגעבן די פאַראָרדענונג, אַז אין געטאָ טאָר זיך נישט געפינען קיין בוך פון דער סאָוויעטישער ליטעראַטור אָדער וויסנשאַפט. דאָס געטאָ פלעגט גלייך ווערן פוסט און וויסט — אַלע זיינען פאַרשטעקט. די שרעקלעכע ידיעה פלעגט אויך דערגיין אין די ווענט פון דער שול און ס'איז געוואָרן אַ בהלה. די העפטן און ביכער פאַרשווינדן. די עלטערע קינדער באַהאַלטן זיך: אויף זיי איז שוין חל דער אַרבעטס-צוואַנג. די לערער פאַרלאָזן דעם אַרבעטס-פּלאַץ.

די ווילנער לערערשאַפט האָט נאָך פאַר דער מלחמה אַרויסגעוויזן אַ סך איבערגעגעבנקייט פאַר דער יידישער שול. אויך אין די נאָרמאַלע צייטן האָט די יידישע שול זיך געראַנגלט מיט די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. דאָס יידישע שול-וועזן איז געווען אַ פּריוואַטער. פון די עלטערן, וועלכע האָבן זיך רעקרוטירט פון די אָרעמסטע שיכטן פון דער יידישער ווילנער באַפעלקערונג, האָבן געמוזט אויף זייערע שוואַכע פּלייצעס אויסהאַלטן די שול. אין דעם לאַנג-יאָריקן קאַמף פאַרן קיום פון דער יידישער שול האָט די ווילנער לערערשאַפט זיך אַזוי פאַרהאַרטעוועט, אַז ווען עס זיינען געקומען די פינצטערע טעג פון געטאָ, האָט זי פול מיט עקשנות, אויסדויער און שטאַרקן ווילן ווייטער אָפּגעהיט די טראַדיציעס פון ווילנער שול-וועזן. אַ הונגעריקער, אין צעריסענע, פאַרלאַטעטע בגדים, פלעגט דער לערער שטיין אויף דער וואַך פון דער יידישער שול, טראָגנדיק דעם יידישן קינד אין די שווערסטע טעג פון פאַרצווייפלונג און פּיין דאָס ליכט פון וויסנשאַפט און גלויבן, אַז דער אויפגייענדיקער מאָרגן וועט מנצח זיין די שוואַרצע נאַכט.

די קינדער פלעגן זיך זייער אינטענסיוו לערנען און די לערער האָבן זייער זאָרגעוודיק געפירט די לימודים. אָפט ביז שפּעט ביינאַכט ביי אַ קליינער ליכטל זיך געגרייט צו דער קומענדיקער לעקציע, אָדער איבערגעקוקט די העפטן פון די קינדער.

צווישן די טעמעס פון יידיש זיינען געווען פאָלגנדיקע: „ווי אַזוי מען האָט אונז געפירט אין געטאָ", „מיין אַרבעטס-טאָג אין געטאָ", „ווי אַזוי איך האָב פאַרלוירן מיינע נאָענטע". די בעסערע אַרבעטן פלעגט מען אָפט לייענען אויף די טיי-אָוונטן אָדער אַרויסלאָזאָוונטן. די דורך די קינדער דערציילטע פּאַסירונגען זיינען אַזוי רייך געווען און ערנסט, אַזוי רעאַל איבערגעגעבן די געשעענישן, אַז דער עולם פלעגט ווישן די טרערן. ווען אַ שילערין, אַן אַנטלאָפענע פון פּאָנאַר, האָט פאָרגעלייענט אירע איבערלעבונגען, האָט דער גאַנצער זאַל איבערגעלעבט צוזאַמען מיט איר די שרעקלעכע איבערמענטשלעכע יסורים. די 14-יאָריקע שילערין פון 2ב-קלאַס האָט מיט אַן ערנסטן און טיף ליידנדיק קול געלייענט, וואָס זי האָט געזען אויף פּאָנאַר: מען הייסט אויסטאָן זיך נאַקעט און מען טרייבט אין די גריבער, פון די דערבייאיקע קוסטעס עפענען פאַרמאַסקירטע מאַשין-געווער אַ פייער, וואָס זייט טויט צווישן די יידן... אויף די ביימער הענגען צעשאָסענע און צעריסענע קערפּער-טיילן, הענט און פיס, פּנימער, אויגן...

די שילער און שילערינס פון עלטסטן קלאַס פון גימנאַזיע זיינען אַ באַדייטנדער טייל געווען מיטגלידער פון דער פ. פּ. אָ. פון די לערער האָבן געהערט צו פ. פּ. אָ.: קאַבאַטשניק ז., ל. שעפטעל, לייב אָפּעסקין, יעקב קאַפּלאַן, ל. בערנשטיין און די לערערין מירע בערנשטיין.

מיט דער שול - אָפּטיילונג און גאַנצן שול - וועזן האָבן אָנגעפירט אין געטאָ אין פאַרשידענע פּעריאָדן: משה אָליצקי, ג. יאַשונסקי, ישראל דימענטמאַן, רחלע ברוידאָ, לעאָ בערנשטיין.

יעדער קלאַס פלעגט איינאָרדענען טיי-אָוונטן, אויף וועלכע עס זיינען פאַרבעטן געוואָרן די לערער און דעלעגאַטן פון די איבעריקע קלאַסן. אויף די אָוונטן פלעגט מען זיך באַקענען מיט די קלאַסן-טאַלענטן: דאָ שפּילט אַ מיידעלע קלאַוויר, דאָרט דעקלאַמירט אַ טריאָ, אייניקע זינגען און רייסן מיט די גאַנצע חברה. אָבער איבער די טיי-אָוונטן פלעגט אַלע מאָל שוועבן דאָס געשפּענסט פון טויט. אָט איז פריילעך, אָבער אין אַ מינוט אַרום רייסט זיך אַריין אַ טרויעריקע נאָטע. פון צווישן די טענער פון לעבן טאָנט אַרויס



**די רעשטלעך פֿון ייִוואָ־בנין**

(ווילנע, וויוווּלסקי׳ גאַס 18)

**פֿאַרכּרענט דורך די דײַטשן פֿאַר׳ן אָפּטרעטן פֿון שטאָט**

דער יאוש: דאָס לעבן הענגט אויף אַ האָר... אויך די קינדער שפּירן דאָס.

די שולן פלעגן אַרויסטרעטן פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט מיט גאַנצע פאָרשטעלונגען, וועלכע עס האָבן רעזשיסירט די לערער מירע בערנשטיין און ברוך לובאָצקי. צווישן אַנדערע האָט מען געשטעלט די „וואַנט" פון א. רייזען. דאָס האָט געזאָלט זיין דער סימבאָל פון די געטאָ־ווענט: נישט געקוקט אויף זייערע היטער, וועלן נאָך די ווענט פאַלן, און די באַפרייטע ייִדן וועלן צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע פרייע פעלקער בויען אַ ניי לעבן... ליידער זיינען די אַלע, וואָס האָבן געשטורעמט „די וואַנט", געפאַלן אויף זייערע פּאָסטנס. מען האָט אינסצעניזירט פּרצן, לייוויקן, שלום־עליכמען און נאָך אַנדערע. איינמאָל זיינען אין געטאָ־טעאַטער אַרויסגעטראָטן די קינדער פון דער „קייליס"־שול (וואָס האָט זיך געפונען אויסער די געטאָ־ווענט אין די קייליס־בלאָקן, וועלכע זיינען געווען ספּעציעל באַשטימט פאַר די פוטער־קירזשנער). פאַרוואַלטער פון דער שול איז געווען דער לערער יאַנקל קאַפּלאַן (אויפגעהאָנגען געוואָרן אויף ראָסע פאַר האַלטן ביי זיך געווער). ער האָט דאָס רעזשיסירט די פאַרביקע שפּיל „אַ ייִדישע חתונה". דאָס איז געווען אַ פּאָפּורי פון ייִדישע טאַנץ־מעלאָדיעס און פאָלקס־לידער, פאַרבונדענע מיט אַ שיינעם אינהאַלט. אָט זינגט מען „כאַצקעלע, כאַצקעלע, שפּיל מיר אַ קאָזאַצקעלע" און אַ כאַצקעלע טאַנצט אונטער דעם טאַקט פון דעם פאָלקס־ליד; אָט טראָגן זיך די מעלאָדיעס פון „לאָמיר זיך איבערבעטן", און צוויי צעקריגטע מחותנתטעס בעטן זיך טאַקע איבער; אין מיטן לאָזט זיך אַריין אין טאַנץ „שרה די רעבעצין", דער כלהט אַ מומע, וואָס איז אַן אומגעבעטענע אויף דער חתונה געקומען. און דער זיידע מיט דער באָבען טאַנצן אונטער דעם טאַקט פון דעם באַוווסטן פאָלקס־ליד „80 ער און 70 זי". עס האָט אויך נישט געפעלט דער שערעלע־טאַנץ מיט זיינע אונטערפירער. מיטן באַוווסטן ייִדישן חתונה־מאַרש פאַרענדיקט זיך דער שיינער ספּעקטאַקל. די קאָסטיומען זיינען זאָרגעוודיק צוגעקליבן געוואָרן—דער חתן, אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר 10, האָט געטראָגן אַ צילינדער, און די כלה, אַ מיידעלע אין די זעלבע יאָרן, איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער גירלאַנדע און דעם טראַדיציאָנעלן חופּה־קלייד, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט אונטער אירע קליינע דאַרע פיסלעך... קוקנדיק אויף דאָס אַלץ, האָט נאָך מער געווייטיקט דאָס האַרץ, וויסנדיק, אַז די קינדער זיינען פאַרמשפּט צום טויט, אַז זייער גורל איז געחתמעט.

דער פּעדאַגאָגישער ראַט פלעגט אָפּהאַלטן אָפּטע זיצונגען, ווו ס'זיינען באַרירט און דיסקוסירט געוואָרן פאַרשידענע פראַגן וועגן די פּראָגראַמען פון פאַרשידענע לימודים. די קלאַסן־דערציער פלעגן אָפּגעבן באַריכטן פון זייערע קלאַסן. די קינדער האָבן זיך מיט קליינע אויסנאַמען געלערנט גוט, אַזוי ווי אין נאָרמאַלע באַדינגונגען. זיי פלעגן זיך פרייען מיט די „פינפן" און באַווינען די „צווייען". אַמשווערסטן איז געווען מיט לאַטיין, פון וועלכן זיי האָבן געהאַט אַ סך צרות. די לערערין בערטע גראָסמאַן, אַ גוטע ראָמאַניסטן, וואָס האָט געהאַט א ערנסטע באַציונג צו אירע אויפגאַבן, איז געווען אומברחמנותדיק. דער דירעקטאָר טורבאָוויטש וועלכער האָט געלערנט ייִדישע געשיכטע, פלעגט זיך זייער איבערנעמען, ווען די קינדער האָבן נישט געקאָנט געבוי אָנגעבן די דאַטע פון אַ געוויסער געשעעניש פון פלאַוויוסעס צייטן, אָדער געבן אַ דעפיניציע פון היסטאָרישע באַגריפן. דער לערער סטאָליצקי פלעגט מיט די פּשוטסטע מיטלען דורכפירן עקספּערימענטן פון פיזיק. די לערערין ליזע גאָרדאָן האָט מיט גרויס פלייס אָנגעפירט מיט אַ ספּעציעלן קרייזל, וואָס האָט שטודירט די געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און געזוכט אין איר אַ טרייסט, אַז די צרות וועלן פאַרגיין און עס וועט זיגן דער יושר.

אין דער „מפיצי - השכלה" - ביבליאָטעק, מיט וועלכער עס האָט פאַרוואַלטעט חייקל לונסקי, דער סימבאָל פון אַלט־ווילנע, פלעגט די שילער־יוגנט פאַרנעמען דאָס רוב פלעצער. דאָ פלעגט מען ביז שפּעט אין דער נאַכט זוכן מאַטעריאַלן פאַר די באַשטימטע רעפעראַטן און צוגרייטן זיך צו די לעקציעס.

אַלס לערער פון כעמיע פלעג איך מיט די קינדער באַזוכן די מיניאַטורע געטאָ־פאַבריקן, ווו מען פלעגט אונז באַווייזן, ווי מען באַקומט פון בולבע־שאָלעכץ—סיראָפּ, ווי מען טריקנט די זעלבע קאַרטאָפל־שאָלעכץ, מען צעמאָלט עס און מען מישט צו צום ברויט. איך האָב אויך אויסגענוצט דעם מיקראָסקאָפּ, וואָס האָט זיך געפונען ביים דאָקטאָר געלמאַן אין ייִדישן שפּיטאָל (ד״ר געלמאַן האָט אין די ווענט פון געטאָ איבערגעזעצט אויף ייִדיש אַן ענגלישן בוך וועגן באַקטעריאָלאָגיע). איך האָב די קינדער געוויזן אין דעם מיקראָסקאָפּ מיקראָאָרגאַניזמען. ד״ר געלמאַן איז אויף מיין איינלאַדונג געקומען אין גימנאַזיע און געהאַלטן א רעפעראַט וועגן באַקטעריעס. אָט אַזוי האָבן אַלע אַרויסגעוויזן די גרעסטע איבערגעבנקייט צו די קינדער, קיינעם איז קיין זאַך נישט צו שווער געווען. איך געדענק, ווי דער חבר סטאָליצקי פלעגט גאַנצע נעכט אָפּזיצן ביים פענצטער און פאַריכטן די קינדער־העפטן.

ווי גליקלעך און צופרידן זיינען געווען די שילער, ווען איך פלעג זיי ברענגען אויף די לעקציעס פון באָטאַניק לעבעדיקע בלומען. אַריינטראָגן בלומען אין געטאָ איז געווען פאַרבאָטן. די געטאָ־וואַך פלעגט זיי ביים טויער צונעמען, אבער איך פלעג בעטן מיינע באַקאַנטע, וואָס האָבן געאַרבעט אויסער דער שטאָט און זיי פלעגן דאָס אַריינשמוגלען די בלומען אין געטאָ. וויפל פרייד די געוויקסן האָבן פאַרשאַפט די קינדער.

דעם ערשטן זומער האָבן די דייטשן א פּאָר מאָל דערלויבט אַרויסצופירן די קינדער אויף אַ שפּאַציר אין זאַקרעטער וואַלד. די ייִדישע באַפעלקערונג האָט זיך צו דעם באַציגן מיט גרויס אומצוטרוי. קענענדיק די דייטשן, האָט מען מורא געהאַט פאַר עפּעס אַ שפּיצל. דעם צוריקקער פון דער ערשטער פּאַרטיע קינדער און לערער האָט מען מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט ביים טויער פון געטאָ. רודניצקער־גאַס איז פול געווען מיט מאַמעס וועלכע האָבן נישט געקאָנט אָפּזאָגן זייער קינד אזא פאַרגעניגן, און איבערגעלעבט טויט־שרעק ביז די קינדער זיינען צוריקגעקומען. ווי די עלטערן האָבן זיך עס געוואָרפן קושן זייערע קינדער!

ווען מיר זיינען געקומען אין זאַקרעטער וואַלד, האָט זיך אַזוי געוואָלט צופאַלן צו דער מאַמע־ערד, קושן זי און אויסדערציילן אונזערע ליידן. די קינ־

דער האָבן זיך געבאָדן, אונטערטונקנדיק די דאַרע בלאַסע קערפּערלעך אין די וואַסערן פון דער וויליע.

דעם אָקופּאַנט איז ווייניק געווען די אַרבעט פון די מענער און פרויען פון 16 ביז 60 יאָר. ער נוצט אויך אויס די קינדער! זיי מוזן קלייבן די ווילד־וואַקסנדיקע מעדיצינישע געוויקסן אויף רפואות פאַר די דייטשע זעלנער. אויף נאָוואָגראָדער, כ׳וואַצקער און די אַרומיקע גאַסן וואַקסן ליפּע־ביימער — די קינדער זיינען געקראָכן איבער די ביימער, געריסן די בלומען און געלייגט אין זעק, ווינטשנדיק די היט־לעריסטן, זיי זאָלן וואָס מער קרענקען און קיין שום רפואה און קיין דאָקטאָר זאָל זיי נישט העלפן. בריגאַ־דיר פון דער גרופּע איז געווען א. מעכאַניק.

די קינדער פון די עלטערע גימנאַזיע־קלאַסן האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שול און אַוועק אין די וואַרשטאַטן אין געטאָ. טייל איז אַוועק פלעכטן שטעק־שיך, טייל — אין די שניידער־ און שוסטער־וואַרשטאַטן, ווי אויך אין דער ספּעציעל געגרינדעטער טעכנישער שול, וואָס איר דירעקטאָר איז געווען אינזשיניער שרייבער, געוועזענער דירעקטאָר פון דעם ווילנער ידישן טעכניקום ביים „אָרט״. צווישן די לערער — אינזשיניער יאַנאָוו, און דער געוועזענער אינזשיניער פון ווילנער עלעקטראָוואָוניע ישראל קוניצקי. חוץ טעאָ־רעטישע לימודים האָט מען אין דער שול געלערנט עלעקטראָטעכניק און שלאָסעריי. מיט די פּראַקטישע לימודים האָבן אָנגעפירט ספּעציעלע אינסטרוקטאָרן.

עס דערנענטערט זיך די צייט פון דער ליקווידאַ־ציע פון געטאָ. אַלס פּאָרשפּיל — די אַרויספירונגען קיין עסטאָניע. אַ סך פון אונזערע שילער האָבן אויסגע־וואַנדערט אין די עסטאָנישע אַרבעטס־לאַגערן און דאָרט געפונען דעם טויט. אין דער גימנאַזיע איז נאָך פאָרגעקומען אַ פייערלעכער סיום, עס האָבן זיך פאַר־זאַמלט די לערער, די קינדער און זייערע עלטערן. אין דרויסן האָט שוין געשמעקט מיט טויט, אָבער צווישן שול־ווענט האָט מען גערעדט וועגן לעבן, וועגן דער צוקונפט פון דעם יידישן קינד. ריריינדיק זיינען גע־ווען די סצענעס ווי די קינדער האָבן צוגעטראָגן מתנות זייערע לערער.

אַלס דערציער פון 2־טן ב׳־קלאַס האָב איך באַ־קומען אַ מתנה אַ זילבערנעם זשעטאָן, וואָס האָט פאַר־געשטעלט די עמבלעם פון ווילנער געטאָ מיט דער אויפשריפט „ווילנער געטאָ מיטל־שול 2 ב׳, דאָקטאָר י. מ. 43־4.7.1942״.

* * *

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין קולטורעלן לעבן פון געטאָ האָבן פאַרנומען דער „יוגנט־קלוב״ און דער „קינדער־קלוב״. אָנפירער פון ביידע קלובן איז גע־ווען לעאָ בערנשטיין.

צום קינדער־קלוב האָבן אָנגעהערט די באַוווסט־זיניקע קינדער, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען די טראַגי־שע ליידן, אָבער געלעבט מיט דער פולסטער האָפע־נונג, אַז די מפּלה אויף די המנס פון 20־טן יאָרהונ־דערט וועט זיכער קומען. דאָ, אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן און שבתים, פלעגן די לערער האַלטן רעפע־ראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס. איך דערמאָן זיך מיינע טעמעס: „אינטעליגענץ ביי בעלי־חיים״, „אינ־סטינקטן ביי בעלי־חיים״, „קראַנקייטן פון געוויקסן״ א.א. די איבעריקע לערער האָבן געהאַלטן רעפעראַטן אין די ראַמען פון זייערע ספּעציאַליטעטן (כמעט אַלע לערער פון דער גימנאַזיע און די שולן האָבן געהאַט העכערע בילדונג און געווען גרויסע ספּעציאַליסטן אין זייער פאַך). נאָך די רעפעראַטן פלעגן פאָרקומען דיס־קוסיעס. די קינדער האָבן זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס, וועלכע האָבן אַנטשפּראָכן דעם וועלט־קוק פון דעם אָדער יענעם לערער. אין קינדער־קלוב פלעגן זיך צונויפטרעפן די קינדער פון די עלטערע קלאַסן, פון די פאָלקס־שולן מיט די קינדער פון די 1־טע און 2־טן קלאַסן פון גימנאַזיע ( די ביידע קלאַסן זיינען געווען פּאַראַלע־לע, און געהאַט אין די ערשטע וואָכן פון געטאָ ביז 200 קינדער...).

עס איז פאָרגעקומען אַ חנוכה־אָוונט מיט בולבע־טייגעכץ אַנשטאָט די טראַדיציאָנעלע חנוכה־לאַטקעס (יעדעס קינד האָט געבראַכט צו דריי בולבעס און אַ ביסל מאָן־אייל). טיי האָט מען צוגעגרייט פון געברענ־טע גערשטן. יעדער גאַסט האָט באַקומען אויף אַ פּאַ־פּירעלע אַ שטיקעלע בלובע־טייגעכץ.

מען האָט אויך נישט פאַרשעמט דעם פּורים. אָבער קיין המן־טאַשן האָט מען נישט געקאָנט מאַכן. אָנ־שטאָט זיי האָט מען געקראָגן צו צוויי געקאָכטע קאַר־טאָפל אין פעלצלעך.

עס איז אויך געווען אַ סדר מיט שטיקלעך מצה, וואָס האָבן דערמאָנט אַלטע סקאַרינקעס פון טונקעלן ברויט. מען האָט פאַרזיכערט אַז מען האָט זיי גע־באַקן אין דער כשרער קיך אין אַ ספּעציעל אויסגע־כשרטן אויוון.

אין די פאַרשטיקטע און פול־געפּאַקטע הייזער פון געטאָ האָט מען נישט געוווּסט פון קיינע יידישע ימים־טובים, אָבער דאָ אין קלוב האָט געהערשט אַ יום־טובדיקע שטימונג. די קינדער, געוואַשענע אין דער געטאָ־שפּריץ־באָד, אָנגעטאָן אין דעם אַלטן פאַר־לאַטעטן אָבער ריינעם אָנטועכץ האָבן געלויכטן מיט זייערע שטראַלנדיקע פּנימלעך. זיי האָבן טיף אי־בערגעלעבט די יום־טובדיקייט, וואָס האָט זיי גע־לאָזט כאָטש אויף אַ פּאָר שעה פאַרגעסן די שרעקלעכע ווירקלעכקייט.

יידן האָבן נישט געטאָרט קיין בליק טאָן אויף דער ווייסער וועלט; אין די פענצטער, וואָס קוקן אַרויס אויס־סער דעם געטאָ, ווי צב״ש אויף זאַוואַלנע גאַס, האָבן די שויבן געמוזט פאַרמאָלט זיין, אָדער פאַרשלאָגן מיט ברעטער; פאַרן אַרויסקוקן אויף דער אַרישער זייט האָט מען געקאָנט באַצאָלן מיט לעבן.

די שולן און קלובן זיינען געווען די איינציקע ליכטיקע שטראַל אין פינצטערן לעבן פון געטאָ. זיי האָבן באַלויכטן די קינדער דעם וועג צום אמת און וויסן.

* * *

פאַר קליינוואַרג איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ טאָג־היים אויף סטראַשון־גאַס 10, ווו לערערינס פּרעב־ליסטינס האָבן זיך מיט זיי פאַרנומען. גייענדיק אויף 6 אינדערפרי צו דער אַרבעט, פלעגן די מאַמעס, שוין 5 פאַרטאָג, אַוועקטראָגן אַהין די קינדער. דאָ האָט מען זיך מיט זיי געשפּילט, געטאַנצט און גע־לאַכט... דורך טרערן, ביז די מידע מאַמעס וועלן צו־ריקקומען. קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, פירן די מאַמעס שפּעט אין אָוונט די קינדער אין דער פינצ־טערער היים, צוטולענדיק צו די ברוסטן אויף אַ פּאָר

שעה די איינציקע טרייסט, וואָס איז נאָך געבליבן אין לעבן.

דאָס זיינען געווען קינדער פון פאַרשידענעם עלטער, פון אַ האַלב יאָר ביז 6. פון פּשוטן פאַרביקן פּאַפּיר פלעגן די לערערינס אויסמאַכן פאַר זיי פאַרשידענע פיגורן און אילוסטראַציעס. אין אַ שיינעם וואַרעמען טאָג פלעגט מען זיי אַרויספירן אויף דעם ספּאָרט - פּלעצל(סטראַשון־גאַס 6). דאָס האַרץ פלעגט טיף בלוטיקן, קוקנדיק אויף די קליינע עופעלעך, וועלכע זיינען פאַרמשפּט צוגלייך מיט די גרויסע.

צווישן די קינדער - אנשטאַלטן, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט די גלענצנדיקע אָרגאַניזאַטאָרין, די פאַרזיצערין פון „טאָז" אין ווילנע, פרוי ד"ר שאַבאַד־גאַוואָנסקאַ, האָט זיך געפונען דאָס יתומים־הויז אויף הקדש־גאַס 1. אין אַ געוועזענער קלויז האָבן זיך געפונען די יתומים אונטער דער אויפזיכט פון פּרעבליסטינס מיט דער לערערין לעווי בראש; זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט דער פּעדאַגאָגישער זייט פון אַנשטאַלט. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען בילדער, געצייכנטע דורך די קינדער און אַ וואַנט־צייטונג. דאָס קלענסטע קינד איז דאָ אַלט געווען 6 חדשים און דאָס עלטסטע 14 יאָר.

א גרויסער טייל פון די קינדער זיינען געווען אנטלאָפענע פון פּאָנאַר. א באַזונדער אויפמערקזאַמקייט האָט דאָ געוועקט אַן אַנדערהאַלבניאָריק יינגעלע, מיטן נאָמען יאַנקעלע, אַן אויסערגעוויינלעך אַנטוויקלטס און קלוגס. אים האָט אַהער געבראַכט אַ באַבע. ווי רירנדיק זיינען געווען די סצענעס, ווען די באָבע פלעגט ברענגען דעם קליינעם יתומל צוקערקעס, וועלכע ער פלעגט שפּעטער פונאַנדערטיילן צווישן זיינע עלטערע חברים און חברטעס!

די עלטערע יתומים פון 12 ביז 16 יאָר זיינען אָרגאַניזירט געווען אין אַ ספּעציעלן אנשטאַלט אויף סטראַשון־גאַס נומער 4. זיי האָט געשענקט אַ סך צייט און אַרבעט יוסף מושקאַט (אַ יונגער אַדוואָקאַט פון וואַרשע), וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לייב און לעבן פאַר דער זאַך פון הייבן דעם מאָראַלישן ניוואָ פון די גאַסן־קינדער, וועלכע זיינען געבליבן אָן אויפזיכט.

י. מושקאַט האָט אָרגאַניזירט די קינדער אין א טראַנספּאָרט־אַרטעל א. נ. „ילדים". די יינגלעך פלעגן אויפן שטח פון געטאָ איבערפירן אויף וועגעלעך אין שליטעלעך האָלץ, מעבל און דאָס גלייכן. זיי זיינען צעטיילט געווען אויף שיכטן, אינדערצייט ווען איין שיכט האָט געאַרבעט, האָט דער צווייטער געלערנט. מען האָט געראַדפּט ביי די נאַקעטע, באָרוועסע און נישט־גענוג זאַטע קינדער ארויסרופן אַן אינטערעס צום לעבן. דעריבער פלעגן דאָרט איינגעאָרדנט ווערן שמועסן, אין וועלכע די קינדער האָבן גענומען אַן אַנטייל דורך פראַגעס, אויף וועלכע די קינדער פלעגן ענטפערן. איך, למשל, האָב אויסגעשטעלט פאַר זיי דעם גלאָבוס, און זיי האָבן געזען, אַז ווען ביי אונז איז נאַכט איז אין אַמעריקע טאָג. מיר האָבן אָבער אַלע טיף געגלויבט, אַז דער טאָג וועט צו אונז אויך אָנקומען...

אָבער דעם דראַנג צו וויסנשאַפט האָבן פאַרמאָגט אויך די גרויסע. די אונטן אין „בויטע־לאַגער"־בלאָק האָבן געהאַט אַ שם. אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון אינזש. קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אויף רודניצקער 7, אין גרויסן זאַל פון געוועזענעם יידישן באַנק, זונטיק־אַודיטאָריעס. יעדן זונטיק פלעגן אין פול־געפּאַקטן זאַל פאָרקומען רעפעראַטן אויף די פאַרשידנסטע טעמעס. דאָ פלעגט זיך צונויפזאַמלען דער באַוווסטזיניקער טייל פון דעם אַרבעטערשאַפט, די אַלע דעקלאַסירטע, געוועזענע קרעמער און הענדלער, וועלכע זיינען געצוווּנגען געוואָרן איבערצוגיין צו שווערער פיזישער אַרבעט. פאַר דער דאָזיקער אַודיטאָריע פלעגן אָפט אַרויסטרעטן די שילער פון דער געטאָ־גימנאַזיע, לייענען זייערע אייגענע אַרבעטן, אָדער דעקלאַמירן די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור. דער אַריינטריט איז געווען אומזיסט. יעדערער האָט געקאָנט געפינען פאַר זיך אינטערעסאַנטעס. דאָ איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון דער אַמאָליקער ווילנער בילדונגס־געזעלשאַפט („ווילביג").

אַ חוץ די וועלטלעכע שולן איז אויך געווען אַ רעליגיעזער חדר, וווּ מען פלעגט לערנען מיט די קינדער דאַווענען, חומש, תנך, גמרא. אין די קלויזן, וואָס זיינען געבליבן אויפן קליינעם שטח פון געטאָ (ווי יאַניכעס, קצבישע, ר' שאַולקעס), האָט מען זייער פיל געדאַוונט. ווער רעדט שוין אין די ימים־נוראים. דעמלט האָבן זיך די געוואַלדן און טענות צום רבונו של עולם הויך, הויך געטראָגן צום הימל...

עס וואָלט נישט געווען קיין פול בילד פון שולוועזן, ווען מען זאָל נישט דערמאָנען די מוזיק־שול, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט פּראָפעסאָר טאַמאַרא גירשאָוויטש די באַוווסטע קלאַוויר־פּעדאַגאָגין, און דער דיריגענט אברהם סלעפּ. זיי האָבן ווייטער געשמידט די ראָמאַנטישע קייט פון דעם אפשר ערשטן אין דער וועלט יידישן מוזיקאַלישן אינסטיטוט אין ווילנע. דאָרטן זיינען אויך טעטיק געווען אַ ריי טאַלאַנטפולע פּיאַניסטנס, ווי: אננאַ פייגוס, ראָזע נאַדעלמאַן, סאָניע רעכטדיק, מ. קאָוואַרסקאַ, אַדעלאַ ביי, פידלער ראַבינאָוויטש (ברודער און שוועסטער) דיריגענט, טענאָר רוזשינסקי, די זינגערינס לובאַ לעוויצקאַ און וויערא ליבאַ.

דאָ אין פינצטערן געטאָ־קעסל האָט די מוזיק־שול באַשטימט אַ קאָנקורס אויף אַ געטאָ - מעלאָדיע. צווישן אַנדערע האָט דער קליינער 12־יאָריקער אליק וואָלקאָוויסקי (מיינער אַ שילער פון אלגעמיינע לימודים) באַקומען אַ פּריז פאַר דער שיינער מוזיק צו דעם ליד „שטילער, שטילער".

דער כאָר פון גימנאַזיע פלעגט זינגען דאָס ליד פון אברהם רייזען „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן", אָבער נאָך דעם ליד פלעגט געגעבן ווערן אַ צווייטע, אַ מונטערע „וועגן יידישע אותיעלעך" און פאַרענדיקן מיט דעם ליד „צו ווילנע".

אַ, ווי ווייט איר זייט איצט די בערגלעך פון פּאָנאַר, די עדות פון דער שרעקלעכער טראַגעדיע פון ווילנער יידנטום. אוועקגייענדיק פון דער וועלט האָבן די ווילנער יידן אין יסורים און ליידן ווייטער געפלאָכטן די גאָלדענע קייט פון דער יידישער קולטור. דער שונא האָט פיזיש פאַרטיליקט די יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע און אַלע אירע קולטורעלע אוצרות אָבער איר גייסט לעבט ווייטער. ווילנע -- דאָס וואָרט וועט אויף אייביק פאַרבלייבן אלס סימבאָל און בייַשפּיל פון הויכן יידישן גייסטיקן קולטור־לעבן.

## א. סוצקעווער

# יידישע גאַס

ביסט נישט פאַרגאַנגען. דיין פוסטקייט איז פול.
פול מיטן פאָלק ווי מיין אויג מיט דער מאמען.
ערגעץ נאָך פלאַטערט אַ שיימע, אַ שול,
ס'האָבן אויף זיי נישט קיין שליטה די פלאַמען.
איך וואָלט געשווירן: אומערדיש דיין גבול.
טיף אין געווען און וועט־זיין — דיינע שטאַמען.
אָט איז די באָרד אויפֿן בלוילעכן ש״ס,
אָט איז דאָס הייליקע קרעמל מיט קוואַס.
יידישע גאַס.

דו ביסט דער ניגון, וואָס דורות צוריק
האָבן אַרויסגעשפילט מיינסטער כלי־זמרים.
ס'האָט זיך פאַרשטעלט אין אַ גאַס די מוזיק.
בלויז פארן אָרעמען דאַכט זיך: ביסט אָרעם.
ווען ס'איז אָבער געשאָנקען דאָס גליק,
זאַמלט דיין פראַכט מיט אַן אָפענעם אָרעם:
אָט איז דאָס קינד מיטן ביכל אין פאס,
אָט איז די לערערין מירע אין קלאַס.
יידישע גאַס.

אויב נאָר דיין שטערן־פרוכת איז וואָר —
איז אויך דיין וואָר נישט קיין חלום קיין בלינדער.
אָט איז דער נביא מיט שטיינערנע האָר —
מאָלט די נבואה פאַר נאַקעטע קינדער.
קען דען די וואָג פון אַ פינפהונדערט יאָר
ווינציקער וועגן פון פיצל אַצינדער?
ווער זאָגט פאַרשוווּנדן? אַ ליגן, אַ שפּאַס,
ערגעץ נאָך בומקעט דער באַסער איז באַס.
יידישע גאַס.

לעבט נישט דער ניגון, ווען טיף אויף זיין גרונט
שטראַלט דאָס געביין פון געפאַלענעם שפילער?
שטיינערנע צערטלעניש וויקלט מיך רונד, —
מיך, דיין פאַרוואָגלטן, מיך, דיין דערפילער.
יידישע גאַס, לאָמיר שליסן אַ בונד!
לאָז מיר דערהערן דיין אייביקייט, שטילער:
אָט ביסטו ווידער אַזוינס און אַזאַס,
העכער פון האַס און פון צייט דער מרשעת —
יידישע גאַס.

פּאַריז, דעצעמבער 1946.



ייִדישע גאַס היינט.

[אַריינגייענדיק פון דער דייטשער גאַס. אין פאָרערגרונט די מזרח־וואַנט פון גאונס־קלויז, רעכטער — דער בנין פון סטראַשונס־ביבליאָטעק און ווייטער ר' לייב־לייזערס הויף]

**יצחק ראָגאָלין**

געוו. קאָמאַנדיר פון דער 13־טער
קאַמפּס־גרופּע פון פ. פ. אָ.

# די געאייניקטע ווילנער יוגנט און איר קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע

כ'ווייס נישט, צי ווּעלכער־עס־איז ייד, וואָס האָט נישט דורכגעלעבט דעם געטאָ, קאָן אפילו נאָכן באַקענען זיך מיט אַלע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען ביז איצט דערשינען, פארשטיין און געהעריק אָפּשאַצן די לאַגע, אין וועלכער די יידן האָבן זיך געפונען אין יענער צייט.

איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף די אויפטוען פון דער יידישער יוגנט אין ווילנער געטאָ. דאָ איז דערגרייכט געוואָרן דאָס, וועגן וועלכן יידן האָבן שטענדיק געטרוימט און קיינמאָל עס נישט געקאָנט דערגרייכן: די אייניקייט פון אלע יידישע כוחות אין קאַמף פאַרן פאָלק.

דער שווערער טאָג־טעגלעכער קאַמף פון דער באַפּעלקערונג, דער געראַנגל פאַרן שטיקל ברויט, דער הונגער און די קעלט, דער כסדרדיקער פחד פארן טויט — האָבן אָפּגעטעמפּט ביי דעם מענטש דאָס מענטשלעכע. דער מענטש האָט זיך טיילווייז צוריקגעקערט צו דער חיה. אָפט פלעגט טרעפן, אז יידן זאָלן זיך אויסקויפן פון טויט פארן פרייז פון דעם לעבן פון אַנדערע יידן.

די יידישע אָרגאַניזירטע יוגנט האָט מיט אָפענע אויגן געקוקט אויפן מצב און אויף דער צוקונפט פון יידישן פאָלק, אין דער צייט ווען די גאַנצע יידישע באַפּעלקערונג האָט זיך שטענדיק געוואָלט איינריידן, אַז „אונזער געטאָ" וועט מען נישט אומברענגען, ווייל דאָס ווילנער געטאָ איז נוצלעך און „העלפט מיט דעם דייטשן פראָנט. נאָך פיל דורכגעפירטע „אַקציעס" האָבן די איבערגעבליבענע זיך שטענדיק געטראַכט און געטרייסט, אַז — „מיר רירט עס נישט אָן". יעדער האָט געוואַרט אויף אַ נס.

די יידישע יוגנט האָט נישט געוואַרט אויף קיין נסים, זי האָט קלאָר און דייטלעך פארשטאַנען די „גוטע" כוונה פון געשטאַפּאָ און קיינמאָל נישט געגלויבט אין אירע גוטע צוזאָגן. די יוגנט, האָט פאָראויסגעזען די קאָנסעקווענטע פאָליטיק פון דעם נאַציזם וואָס זיין ציל איז — פולע אויסראָטונג פון יידישן פאָלק.

איז געקומען דער געדאַנק פון פאַראייניקונג. די סכנה פון טויט האָט געשטעלט די פאראייניקונג פון אלע אָרגאַניזאַציעס העכער פון זייער פאָליטישן קאַמף צווישן זיך. זיי האָבן זיך אָפּגעזאגט פון דעם פאָליטישן געראַנגל צוליבן בשותפותדיקן קאמף פארן כבוד פון פאלק. (ס'הייסט אָבער נישט, אז מען האָט מוותר געווען פון די אייגענע וועלט־אנשויונגען). ס'איז געשאַפן געוואָרן די פ. פ. א. (פאַראייניקטע פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע), אין וועלכער עס זיינען אריין די פאָלגנדיקע גרופּירונגען: קאָמוניסטישע פארטיי, השומר הצעיר, הנוער הציוני, רעוויזיאָניסטן, און „בונד".

די פ. פ. א. האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו אָרגאַניזירן די יידישע יוגנט און זי צוגרייטן מיליטעריש צו אַן ענדגילטיקן קאַמף מיט די דייטשן אין פאַל פון דער ליקווידאַציע פון געטאָ. זי האָט די ערשטע אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג אין אלע געטאָס, אין וועלכן זי האָט אויפגעקלערט די דייטשע כוונות און גערופן די באַפּעלקערונג „נישט צו לאָזן זיך פירן ווי שאָף צו דער שחיטה". מיט ברען און איבערגעבנקייט האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט די חברים פון אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געווען פאַרטרעטן אין פ. פ. א. עס האָבן זיך פאָרמירט פינפטלעך, וועלכע האָבן געבילדעט גרופּעס. יעדע גרופּע איז באַשטאַנען פון חברים פון אַלע באַוועגונגען. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין זייער שווערע און קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען (אין די באַדינגונגען פון דער געדיכטקייט פון דער באַפּעלקערונג אין געטאָ, ווו עס פלעגן לעבן דורכשניטלעך 8 פערזאָן אין אַ צימער, קאָן מען זיך פאָרשטעלן ווי שווער עס איז געווען אָפּצוהיטן קאָנספּיראַציע). מ'האָט זיך שטיל אָפּגעהיט פון אַ זייטיק אויג, געלערנט די תורה פון געווער און דעם רעגולאַמין פון פ. פ. א. די סכנה פון טויט האָט געשמידט און געשאַרפט דאָס מעסער פאַר זעלבסטפאַרטיידיקונג פון דעם הילפלאָזן און אונטערגייענדיקן יידישן פאָלק.

די אָרגאַניזירטע באַוווסטזיניקע יוגנט האָט זיך געפילט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר פאָלק און דעריבער איז זי געשטאַנען אויף דער וואַך, ווייזנדיק דעם וועג, אויף וועלכן מען דאַרף גיין.

די יידישע יוגנט, וואָס איז קיינמאָל נישט דערצויגן געוואָרן אין מיליטערישן גייסט און קיינמאָל נישט אָנגעזען קיין געווער, אַ דערצויגענע זינט דורות אין גייסט פון „לא תרצח", האָט געמוזט זיך גייסטיק איבערדערציען. דער לאָזונג איז געווען: געווער און וואָס מער געווער! מיט גרויס ריזיקע, שטעלנדיק דאָס לעבן אין סכנה, האָבן עס די חברים באַקומען, גנבענדיק פון דייטשע איינהייטן, און אריינגעטראָגן באהאַלטענערהייט אין געטאָ. ווו עס האָט זיך געלאָזן האָט מען געקויפט פאַר געלט. עס האָט זיך געשולט אַ זעלבסט־פאַרטיידיקונג, וואָס האָט אין פאַל פון אַ קאַמף נישט געהאַט קיין שום אויסזיכטן אויף זיג. עס איז געגאַנגען נישט אין זיג, תאָר אין פארטיידיקן דעם כבוד פון יידישן פאָלק.

דעם 16־טן יולי 1943 איז פ. פ. א. געשטעלט גע־

וואָרן פארן ערשטן פרווו. די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך דערוווסט וועגן פ. פּ. אָ. זיי האָבן געפּאָדערט פון די יידישע פירער אין געטאָ אַרויסצוגעבן דעם קאָמענדאַנט פון פ. פּ. א. א י צ י ק ו ו י ט ע נ ב ע ר ג. מיט די ווערטער „ליזע רופט"*) זיינען געוואָרן אין דער דאָזיקער נאַכט, אין משך פון 15 מינוט, מאָביליזירט אַלע חברים פון פ. פּ. אָ. מען איז דעצידירט געווען נישט צו לאָזן אָנרירן וועלכן־עס־איז חבר פון פ. פּ. א. דער פּאָרזיצער פון יודנראַט, גענס, האָט געמאָלדן די געטאָ־איינוווינער, אַז אויב וויטענבערג וועט נישט ווערן ארויסגעגעבן דער דייטשער מאַכט אין משך פון דאָזיקן טאָג, וועט אומגעבראַכט ווערן דאָס גאַנצע געטאָ. באַאיינפלוסט און איבערצייגט פון גענסן, אַז צוליב איין יידן, קאָנען אומקומען צוואַנציק טויזנט, האָט דאָס געטאָ פאַרלאַנגט, אַז דער איינער זאָל באַצאָלן מיטן לעבן פאַר אַלע. די באַפעלקערונג האָט געפּאָדערט, אז וויטענבערג זאָל ארויס פון געטאָ. זי האָט געמיינט, אז דורך אים וועלן אלע יידן געראטעוועט ווערן. מען האָט נאָך אַלץ נישט פארשטאַנען, אז די פאַרניכטונג פון אלע יידן איז אומפארמיידלעך.

און דאָ איז געשען דאָס טראַגישסטע. די פאַרבלענדטע מאַסן זיינען אַרויס קעגן פ. פּ. א., וואָס איז באַשטאַנען פון די טײַיסטע זין פון פאָלק.

וויטענבערג האָט זיך געזען מאָראַליש געצוווּנגען פרייוויליק זיך איבערצוגעבן אין די הענט פון געשטאַפּאָ, ברענגענדיק זיך פאַר אַ קרבן פארן גאנצן געטאָ.

ווען וויטענבערג איז געגאַנגען צום געטאָ־טויער, איז ער באַגלייט געוואָרן פון בליקן, וואָס האָבן געזען אין אים דעם „אויסלייזער". מיט גאַנץ אַנדערע בליקן האָבן אים באַגלייט די חברים פון פ. פּ. אָ. וועלכע האָבן געצאָרנט און געווייטיקט, פילנדיק, אַז וויטענבערג איז נישט דער אויסלייזער פון די יידן, נאָר דער אָנהייב פון זייער ענדגילטיקן אומקום...

ווען וויטענבערג איז אַרויס פון געטאָ, האָבן די געטאָ־איינוווינער פרייער אָפּגעאָטעמט. צום אומגליק — נישט אויף לאַנג. וואָס פ. פּ. אָ. האָט פאָרויסגעזען, איז געקומען.

אויף מאָרגן איז אין די קעלערן פון געשטאַפּאָ וויטענבערג באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך איינעמען ציאַן־קאַלי, מורא האָבנדיק אַרויסצוגעבן די חברים אונטער די שרעקלעכע עינוים, וואָס מ׳האָט אים דאָרט אָנגעטאָן.

ס׳איז געקומען דער ערשטער סעפּטעמבער. דאָס געטאָ איז ארומגערינגלט געוואָרן דורך די דייטשן. מען האָט פאָרויסגעזען די ליקווידאַציע פון געטאָ. די פ. פּ. אָ. האָט זיך גלייך מאָביליזירט רופנדיק די יידישע באַפעלקערונג צום קאמף און נישט צו לאָזן זיך פירן צו דער שחיטה. (נאָכן אומקומען פון וויטענבערגן איז קאָמענדאנט פון פ. פּ. א. געוואָרן אבא קאָוונער).

די באפעלקערונג האָט נאָך נישט פארלוירן די אילוזיע צו בלייבן ביים לעבן. די דייטשן האָבן פאַרזיכערט, אַז מען שיקט זיי אויף ארבעט קיין עסטאָניע.

4 טעג האָט מען געפירט די יידן פון געטאָ. 8 טויזנט מאַן זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די לאַגערן פון עסטאָניע, ווו זיי זיינען שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן.

די פּ. פּ. אָ. אַליין האָט נישט אָנגעהויבן קיין קאַמף צוליב דעם, וואָס די באפעלקערונג איז צו איר נישט צוגעשטאַנען און זי אליין איז נישט געווען גענוג שטאַרק מיליטעריש. נאָך די 4 טעג האָט די פ. פּ. אָ. באַשלאָסן ארויסצוגיין צו די פּארטיזאַנער אין וואלד 200 ק״מ פון ווילנע. צו 30 מאַן האָט מען זיך געלאָזט אין שווערן וועג. פיל זיינען צום וואַלד נישט דערגאנגען, פאלנדיק אין וועג פון דייטשע קוילן.

איר גרעסטער טייל איז אריינגעטראָטן אין אָטריאַדן און צוזאמען מיט די רוסישע פּארטיזאַנער געפירט אַ קאַמף מיטן דייטשן אָקופּאנט.

דעם 23־טן סעפּטעמבער האָט זיך אָנגעהויבן די פולע ליקווידאַציע פון געטאָ. דאָס געטאָ איז געוואָרן אַרומגערינגלט, אַ גרויסער טייל חברים פון פּ .פּ. אָ. ווי אויך דער שטאַב, וועלכער האָט נאָך ביז יענעם טאָג נישט באַוויזן אַרויסצוגיין פון געטאָ, האָט זיך געפונען אין אַ שווערער לאגע. דורך די שמאָלע אונטערערדישע שמוציקע קאַנאַליזאַציע־רערן, האָבן זיי זיך מיט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען אַרויסבאַקומען פון שטאָט. ס׳איז זיי געלונגען אַוועקצוגיין אין וואַלד, אין רודניצקער פּושטשע (40 ק״מ פון ווילנע). דאָרט האָבן זיי אָרגאניזירט יידישע פּארטיזאַנער־אָטריאַדן, וואָס האָבן גענומען נקמה אין די דייטשן.

די אָרגאַניזירטע יידישע יוגנט האָט פאַרשטאַנען איר אויפגאבן און מיט דער פולער איבערגעגעבנקייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט געטאָן איר פליכט, דעם געבאָט פון יענער צייט — זי האָט נישט פארשעמט איר פאָלק.

זאָלן פון דעם לערנען די קומענדיקע יונגע דורות!

*) „ליזע רופט" — דער מאָביליזאַציע־פּאַראָל פון פ. פּ. אָ. אויפן נאָמען פון ליזע מאַגון (השומר־הצעיר), אַקטיווע מיטגלידערין פון פ. פּ. אָ., וועלכע איז געוואָרן דערמאָרדעט אויף פּאָנאַר.

הירש גליק

# ווילנער פאַרטיזאַנער הימן

זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלאָע טעג.
קומען וועט נאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה,
סיוועט אַ פויק טאָן אונזער טראָט — מיר זיינען דאָ!

פון גרינעם פאלמענלאנד ביזן לאנד פון ווייסן שניי,
מיר קומען אָן מיט אונזער פיין, מיט אונזער וויי,
און וווּ געפאַלן איז אַ שפּריץ פון אונזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונזער גבורה, אונזער מוט.

סיוועט די מאָרגן־זון באַלייכטן אונז דעם היינט,
אונזער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט.
נאָר אויב פארזאמען וועט די זון און דער קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל גיין דאָס ליד פון דור צו דור.

דאָס ליד געשריבן איז מיט בלוט און נישט מיט בליי,
סיאיז נישט קיין ליד פון אַ פויגל אויף דער פריי.
דאָס האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט,
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

טאָ זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פארשטעלן בלאָע טעג.
קומען וועט נאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה,
סיוועט אַ פויק טאָן אונזער טראָט — מיר זיינען דאָ!

Moderato

## א. זשעלעזניהאָוו
פאָרזיצער פון יוגנט־קלוב אין געטאָ

# „צווישן וועגט — דאָר יונג!"

דיקע ווענט האָבן אָפּגעטיילט דעם קליינעם קוואַרטאַל פון שטאָט, וווּ עס האָט זיך געשטיקט אַן עדה פון איבער צוואַנציק טויזנט יידן, דאָס רעשט פון דעם בליענדיקן ירושלים דליטא, וואָס אין אירע מויערן איז געבוירן געוואָרן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און די הירש לעקערטס.

צווישן די צוואַנציק טויזנט — איבער אַ טויזנט יוגנטלעכע, וואָס זיינען געווינט געוועזן צו אַ פריי, קולטורעל און פילפאַרביק לעבן, יוגנטלעכע, וואָס דער היטלעריזם האָט געוואָלט יונגערהייט אַלט מאַכן. אָבער די יוגנט האָט געוואָלט יונג זיין. און יונג זיין הייסט וואַקסן, פרייען זיך, לערנען און קעמפן.

צי איז דאָס מעגלעך געווען צווישן די דיקע געטאָ־ווענט? זאָלן ריידן פאַקטן:

די שילער פון די עלטסטע צוויי קלאַסן פון דער געטאָ־גימנאַזיע, צום מערסטן געוועזענע שילער פון דער רעאַל־גימנאַזיע און עטלעכע פון דער פרץ־גימנאַזיע האָבן פאַרשטאַנען, אַז די גימנאַזיע קאָן קיין גרעסערע צאָל יוגנטלעכע נישט אַריינגעמען. עס איז אויפגעקומען דער געדאַנק צו שאַפן אַ יוגנט־קלוב.

אויף דיסנער 4 איז אַמאָל געווען אַ גרויסע איינבינדעריי (געוו. „פאָלזא" בוטקאָוס). דאָרט שטייט ליידיק אַ גרויסע האַלע — די ווענט אָפּגעריסן, אָן אַ פּאָדלאָגע, מיט ריזיקע פאַבריק־פענצטער אָן שויבן, — דאָרט וועלן מיר מאַכן אונזער קלוב, אונזער היים. אין פוסטן לאָקאַל שטעלט מען אַריין אַן אַלטע, האַלב־צעבראָכענע פיאַנע, און יעדן אָוונט זאַמלען זיך דאָ יוגנטלעכע, מידע און דערשלאָגענע פון אַ טאָג אַרבעט ביי די דייטשן. זינגט מען דאָ אַלטע לידער פול מיט מוט און גלויבן. מען פאַרגעסט וועגן אַלץ און אַלעמען.

און פוסטן לאָקאַל קלייבט זיך צונויף דער ליטעראַרישער קרייז. עס רעדט דער חבר הירש גוטגעשטאַלט וועגן חיים גראַדעס „דער געוויין פון דורות", און עס דוכט זיך, אַז דער געוויין גייט דורך דורך אונזערע גלידער. יעדער פון אונז באַשליסט — נישט צו פאַרוואַרפן די ירושה פון די דורות.

מיט אייגענע כוחות ביי דער מיטהילף פון אונזער קלוב־פאָרוואַלטער ל. בערנשטיין און ג. יאַשונסקי רעמאָנטירן מיר אונזער קלוב. די אַרבעט ווערט איבערגעטראָגן אין די לאָקאַלן פון די יידישע שולן. טאָג־טעגלעך רעפּעטירט אונזער דראַמ.־קרייז אונטער דער אָנפירונג פון אונזער האַרציקן חבר עלקע פילניק. עס גרייט זיך דער קרייז פון יידישער געשיכטע, אונטער דער אָנפירונג פון לערער שעפּטעל, צו משפּטן הורדוסן. עס באַאַרבעט די לערערין גאָרדאָן מיטן קרייז פאַר אַלגעמיינער געשיכטע די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע. עס זאַמלט יידישן פאָלקס־ און געטאָ־פאָלקלאָר דער פאָלקלאָר־קרייז מיטן דיכטער סוצקעווער. דער לערער מאָושאָוויטש פירט סיסטעמאַטיש אַ קרייז פאַר ביאָלאָגיע. אונטער דער אָנפירונג פון חבר הערמאַן קרוק ווערט געפירט אַ געטאָ־כראָניק דורך דעם קרייז פאַר געטאָ־פאָרשונג.

דער לאָקאַל איז שוין פאַרטיק. אַ גרויסער פּרעכטיקער זאַל מיט אַ פּאָדלאָגע, מיט געזילבערטע אויוונס, מיט פענצטער, אמת נישט אַזוינע גרויסע ווי פריער, און דאָס וויכטיקסטע — מיט אַ סצענע, ווי גאָט האָט געבאָטן. אונזער דראַמ.־קרייז גרייט שלום־עליכמס „דאָס פאַרכישופטע שניידערל" און פרצעס — „ביים פרעמדן חופּה־קלייד".

מיר גיבן אַרויס אַ וואַנט־צייטונג. ווי זאָלן מיר זי אַ נאָמען געבן? וועלכער נאָמען וועט צום בעסטן איבערגעבן אונזער איצטיקן צושטאַנד? און פון פיל פּראָיעקטן ווערט באַשטימט: „צווישן ווענט — דאָך יונג"!

דער לאָקאַל איז שיין, פאַרפּוצט. היינט איז ביי אונז אַ יום־טוב — אַ פּורים־פאַרוויילונג. מיר זיצן ביי טישן. דער טיש איז אָרעם, אָבער עסטעטיש געגרייט. חברה שפּילט אַ פּורים־שפּיל לויטן אַלטן נוסח, אָבער מיט אַ נייעם אינהאַלט. (אליין פאַרפאַסט). עס זיינען געקומען געסט. צווישן זיי — די גרייז־גראָע פּאַטקרעמער.

צום שלוס זאָגט זי אונז אַ פּאָר ווערטער: זי איז פול מיט האָפענונג און גלויבן, אַז דער נייער המן וועט האָבן די מפּלה און מיר דאַרפן זיין מונטער, פול מיט לעבן, יונג:

„יונג איז יעדער, יעדער, יעדער, וועמען עס וויל נאָר.
יאָרן האָבן קיין באַדייט.
אַלטע קאָנען, קאָנען, קאָנען אויך זיין קינדער
אין אַ נייער פרייער צייט!"

אין אייגענעם לאָקאַל גייט די אַרבעט מיט מער אימפּעט און ברען. יעדן זונטיק — אַן עפנטלעכע אונטערנעמונג: אַ פּרעכטיקע יהואש־אויסשטעלונג, אַ קאָנקורס פון רעציטאַציע און דעקלאַמאַציע, אַ פרץ־וואָך, וואָס ווערט פאַרענדיקט מיט אַ דריי־פאַכיקן קאָנקורס: 1. אויף דער בעסטער אַרבעט וועגן פרצן, 2. אויף אָנווייזן דאָס שענסטע ווערק פון פרצן, 3. אויף צום בעסטן דעקלאַמירן פרצן. מען פאַרגעסט גאָר, אַז מען לעבט אין אַ געטאָ.

מיר קאָנען נישט פירן קיין באַוואָפנטן קאַמף מיטן פאַשיזם. ווילן מיר זיך נישט לאָזן ברעכן. זאָל „ווי די קויל קאָן נישט דערלאַנגען, דער געלעכטער טאָן אַ ברי".

מיר באַנוגענען זיך אָבער נישט נאָר מיט געלעכטער. אין געטאָ עקזיסטירט און איז אַקטיוו טעטיק די פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע, אין וועמענס ראַמען אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס אַרבעטן געאייניקט, כדי צוגרייטן דעם עווענטועלן ווידערשטאַנד. אין געטאָ ווערן טאָג־טעגלעך אַריינגעטראָגן גראַנאַטן, קוילן, ביקסן, אויטאָמאַטן און אפילו קוילן־וואַרפערס. דאָס געווער שטאַמט טיילוויז פון די דייטשע לאַגערן, פון וואַנען די מיטגלידער פון פ. פ. א. גנבענען דאָס סיסטעמאַטיש, אָדער פון איינקויפן, וואָס ווערן געמאַכט

אין שטאָט. געווער ווערט אַריינגעשמוגלט סיי דורך דעם געטאָ־טויער, באַהאַלטן צווישן שפּייז אָדער האָלץ, דורך פאַרשידענע דורכגענג, אָדער גאָר ווי אין דעם פאַל מיטן קוילן־וואַרפער דורך די רערן פון דער קאַנאַליזאַציע. שמולקע קאַפּלינסקי — אַ קאָמאַנדיר פון פ. פּ. אָ. — אַרבעט אין דער שטאָטישער וואַסער־לייטונג. אין אַ שיינעם פרימאָרגן ווערט אויף ראָג סטעפּן גאַס און זאַוואַלנע אָפּגעשטעלט די באַוועגונג. שמולקע פון דער שטאָטישער וואַסער־לייטונג, נעמען זיך מכלומרשט צום פאַריכטן די קאַנאַלן פון דער שטאָטישער קאַנאַליזאַציע. אין ברונעמל פון קאַנאַל לאָזט מען אַראָפּ אַ קעסטל מיט אַ פונאַנדערגענומענעם „מאַקסים" מיט אַ קאָמפּלעט אַמוניציע צו אים. אין אָוונט לאָזט זיך שמולקע מיט זיינע חברים דורך דעם געהיימען אַריינגאַנג פון געטאָ אַראָפּ אין די קאַנאַלן פון דער קאַנאַליזאַציע און דער אַרסענאַל פון פ. פּ. אָ. ווערט באַרייכערט מיט אַ מאַקסים.

שווערע כמאַרעס רוקן זיך איבערן געטאָ. כמעט אַלע געטאָס אין דער ווילנער פּראָווינץ זיינען שוין ליקווידירט. עס איז קלאָר — אַט באַלד איז אונדזער ריי. דער שטאַב פון פ. פּ. אָ. באַשליסט אַריינציען אויך דעם יוגנט־קלוב אין דער אַקטיווער צוגרייטונג צום ווידערשטאַנד. עס הייבט זיך אָן אַ צווייפאַכיק לעבן פון קלוב. ביז 10 אָוונט (פּאָליציי־שעה אין געטאָ) — דראַמ.־קרייז, ליטעראַרישע און געשיכטע־קרייזלעך, געזאַנג, אַרבעט און פאַרוויילונג, און נאָך 10 — הייבן זיך אָן, ווי ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק, צו דרייען שאָטנס. דאָ ברענגט אַסקע ביג געווער אונטערן קליידל, יאַטן נעמען פונאַנדער דאָס געווער, שמירן עס גוט אויס, שטעלן עס צוזאַמען און באַהאַלטן עס אין געהיימען סייף, וואָס אונטער דער סצענע. אין אַרבעטס־צימער ביי דער ניי־מאַשין נייט מען באַנדאַזשן, פּאַטראָן־טאַשן. אין זאַל לערנט מען ווי צו פאַרנעמען אַ פּאָזיציע, ווי צו וואַרפן אַ גראַנאַט. נאָר קוים הייבט אָן צו גרויען אויף טאָג, און פון הינטער די געטאָ־ווענט הערט זיך דאָס ערשטע קרייען פון האָן, פאַרשווינדט אַלץ, ווי דורך אַ כישוף.

אין איינער אַזאַ כישוף־נאַכט, פון 16־טן אויפן 17־טן יולי 1943, איז די געטאָ־שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ שאָס. אין אַ פּאָר מינוט — אַ קלאַפּ אין טיר לויטן אָנגענומענעם פּאַראָל „ליזע רופט". שנעל ווערט צונויפגעשטעלט דאָס פונאַנדערגענומענע געווער. מען שלעפּט אַרויס די קעסטלעך מיט אַמוניציע. ס'זיינען גרייט די דריי קוילן־וואַרפער. עס ווערט עפּעס אַזוי יום־טובדיק אויף דער נשמה; ענדלעך איז געקומען דער אַזוי אויסגעטרוימטער טאָג פון קאַמף און נקמה! מיר קריגן אַ באַפעל צו עוואַקוירן דאָס גאַנצע געווער אין שטאַב פון דער אָרגאַניזאַציע. פאָרזיכטיק און שטיל הויבן מיר אָן דעם באַפעל אויסצופירן. אין געטאָ איז שוין אַ פּאַניק. אַלע זיינען אויף די פיס. קינדער וויינען, פרויען ספּאַזמירן, ייִדישע פּאָליציי לויפט אַרום דעזאָריענטירט, ווי פאַרסמטע מייז. די באַמערקן, אַז פון יוגנט־קלוב טראָגט מען קעסטלעך און ווילן נישט אַנדערש וויסן, וואָס איז דאָס פאַר אַן „אוצר". מיר שטעלן זיך קעגן. זיי טרעטן נישט אָפּ. זייער מחנה פאַרגרעסערט זיך און זיי ווערן אַלץ עקשנותדיקער. שיסן אָבער טאָר מען נישט אָן אַ באַפעל. (מען קאָן פּריצייטיק פּראָוואָצירן). צום גליק קומט אָן דער שטאַב־מיטגליד פון פּ. פּ. אָ. אַבראַשע כוואָיניק און ער, מיט זיין ענערגישער האַנדלונג צווינגט די פּאָליציאַנטן אָפּטרעטן. עס ווערט ליכטיק. מיר זיינען פאַרזאַמלט אויפן ספּאָרט־פּלאַץ. אַלע זיינען דאָ. ווער באַוואָפנט מיט אַ פּיסטאָלעט, ווער מיט אַ גראַנאַט, צי מיט אַן עלעקטריש גלעזל אָנגעפּילט מיט זויערס, די איבעריקע מיט שטיינער, אַרויסגעריסענע פון ברוק. ערשט דאָ דערוויסן מיר זיך, וואָס עס איז געשען. דער געטאָ־שעף, גענס, האָט געוואָלט אַרויסגעבן דער דייטשישער געשטאַפּאָ אונדזער קאָמענדאַנט יצחק וויטנבערג. האָט ער מכלומרשט איינגעלאַדן צו זיך דעם קאָמענדאַנט אויף אַ באַראַטונג, ווו ער האָט פון פריער באַהאַלטן עטלעכע ליטווישע פּאָליציאַנטן. אָבער פ. פּ. אָ. וואַכט. דעם קאָמענדאַנט האָט מען אָפּגעשלאָגן. דערווייל איז נאָך שטיל. אין געטאָ רעדט מען, אַז די געשטאַפּאָ האָט געשטעלט אַן אולטימאַטום: אָדער מען גיט זיי אַרויס דעם קאָמענדאַנט, אָדער זיי פאַרניכטן פולשטענדיק דעם געטאָ. פינצטערע עלעמענטן פירן אַן אַגיטאַציע קעגן די „יינגלעך", וועלכע שפּילן זיך מיט פייער און ווילן צוליב איין מענטש אומברענגען דעם גאַנצן געטאָ. מיר ווערן אַרומגערינגלט דורך אַ מחנה אינטערגעהעצטע אונטערוועלטניקעס און געטאָ־פּאָליציאַנטן. עס דראָט אַ קאַמף אין געטאָ צווישן ייִדן. און אויף דעם וואַרטן נאָר די דייטשן, וועלכע האָבן אויסגעשטעלט זייערע אויסשפּיהער אויף די דעכער אַרום געטאָ. דער קאָמענדאַנט אַליין דעצידירט: „איצט קאָן מען דעם קאַמף נישט אָנהייבן, ווייל מיר האָבן קעגן זיך אַ טייל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. איך וועל זיין דער קרבן. איר אָבער פירט ווייטער אונדזער אַרבעט, קלערט אויף די געטאָ־באַפעלקערונג די אמתע לאַגע און גרייט זיי צום ענדגילטיקן ווידערשטאַנד!" יצחק וויטנבערג איז פרייוויליק אַרויס צו די געשטאַפּאָ־הענקער.

אין רעזולטאַט פון אָפּשלאָגן דעם קאָמענדאַנט האָט זיך די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע פולשטענדיק דעקאָנספּירירט. די ייִדישע פּאָליציי האָט זיך באַקענט מיט אַלע אירע מיטגלידער, מיט אירע סקלאַדן און באַהעלטענישן. עס קומט אַ גאַנצע ריי רדיפות. צום ערשטן פאַרמאַכט מען אונדזער יוגנט־קלוב, פון וואַנען מען האָט דערלאַנגט די ערשטע שטיקלעך געווער. איך געדענק יענעם אָוונט, אַ פּאָר טעג נאָך דער מעשה וויטנבערג. מיר זיינען אַלע געווען פאַרזאַמלט. קיינער האָט נישט גערעדט, נישט געלאַכט, נישט געזונגען. מיר האָבן אינסטינקטיוו געפילט, וואָס עס וועט באַלד געשען. עס קומט אַריין אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר מיט 10 פּאָליציאַנטן: „פאַרלאָזט דעם לאָקאַל, אייער קלוב ווערט געשלאָסן!". מיר שטעלן זיך אויף און פון זיך אַליין רייסט זיך אַרויס דאָס געזאַנג „איידער אומקומען איז בעסער העלדיש צו פאַרגיין".

שווערע טעג האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרן געטאָ, רדיפות פון אַלע זייטן, אין דער ערשטער ריי אויף די מיטגלידער פון פּ. פּ. אָ. דער שטאַב באַשליסט אַריבערצושיקן די צום מערסטן קאָמפּראָמיטירטע אויף פּאַרטיזאַנער־באַזעס, כדי פאָרצוזעצן דעם ווייטערדיקן קאַמף. עס גייט אַוועק די בעסטע גרופּע מיטן בעסטן געווער. די וואָס בלייבן אין געטאָ הויבן אָן די אַרבעט פונדאָסניי. נייע גרופּן ווערן פאַרקאָנספּירירט. מען מאַכט ווייטערדיקע באַמיונגען אַריינצוקריגן געווער אין געטאָ.

זלמן טיקטין, אַ מיטגליד פון יוגנט־קלוב, אַרבעט

אין „בויטן-לאַגער" (אַ לאַגער, ווו די דייטשן זאַמלען און פאַרניכטן דעראָבערטע סאָוויעטיש געווער). עס איז דאָרט אָנגעקומען אַ וואַגאָן מיט גראַנאַטן, און וואָס וויכטיקער מיט צינדערס. זלמנקע ווייס ווי שווער עס איז געטאָ מיט צינדערס צו גראַנאַטן, וויפל עקספּערימענטן צו מאַכן אייגענע צינדערס עס האָבן זיך נישט איינגעגעבן. שטיל שלייכט ער זיך צו צום וואַגאָן, רייסט אַראָפּ די פּלאָמבע און באַהאַלט אונטער דער בלוזע אַ הויפן צינדערס. דאָס באַמערקט אָבער דער דייטשישער פּיראָטעכניק. ער וויל כאַפּן זלמנקען, וועלכער הויבט אָן צו אַנטלויפן. דער דייטש שיסט, זלמנקע פאַלט אַ פאַרוווּנדעטער און ווערט תיכף אַרומגערינגלט דורך דייטשן. מען פירט אים גלייך אַוועק אין שפּיטאָל. מען באַהאַנדלט אים זייער גוט. די געשטאַפּאָ וויל נישט אַנדערש דערגיין, פאַר וועמען ער האָט געגנבעט די צינדערס. זלמנקע האָט נאָר איין ענטפער: „פאַר אייך, אייך צו פאַרניכטן!".

סעפּטעמבער 1943. דריי וואָכן דויערט שוין די ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ. דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע איז נישט געלונגען צו אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד. די באַפעלקערונג איז אַפּאַטיש. זי וויל נישט קיין קאַמף, זי וויל לעבן און האָפן, אַז מען וועט פאַרט אויסהאַלטן. די רויטע ארמיי איז דאָך שוין אַזוי נאָענט, די באַפרייונג וועט גיך קומען, דאַרף מען זען איבערוואַרטן, אויסדויערן, נאָר נישט פּראָוואָצירן. צו יענער צייט פעלט שוין אַ גרויסע גרופּע פון גוטע קעמפער אין דאָס בעסטע געווער, וואָס איז אַוועק צו די פאַרטיזאַנער-מחנות. די קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע איז אָבער מאָביליזירט און קאָנצענטרירט. מיר ווילן טייער באַצאָלן פאַר אונזער לעבן. שוין דעם ערשטן טאָג פון דער ליקווידאַציע, ווען די דייטשן דערנענטערן זיך צו אונזער פאַרפּאָסטן, סטראַשונאַ 12, באַגעגנט זיי אַ פייער. זיי רייסן אויף מיט אַ מינע דאָס הויז און אונטער זיינע חורבות ווערט באַגראָבן דער העלדישער קאָמאַנדיר איליא שיינבוים און דער מיטגליד פון יוגנט קלוב — חיים נאַפּאָלעאָן. די דייטשן האָבן אָבער מער אויף סטראַשונאַ נישט געוואַגט אַרויפצוגיין.

דאָס געטאָ איז טויט. אינגאַנצן אַ זעקס, זיבן טויזנט מענטשן. צום מערסטן פרויען. און דאַן קומט דער ענדגילטיקער באַפעל פון די דייטשן: דאָס ווילנער געטאָ ווערט ליקווידירט. אַלע ייִדן ווערן איבערגעזידלט אין אַנדערע געטאָס, אָדער לאַגערן. מיר האָבן געוווּסט, וואָס דאָס באַדייט. דער שטאַב באַשליסט: טראָץ דער קליינער צאָל קעמפער און דער ייער שוואַכער באַוואָפענונג — דאָך פּרווון ראַטעווען דעם כבוד פון דעם ווילנער געטאָ. אַ גרופּע גראַנאַטן-וואַרפער קריגן ביינאַכט אַ באַפעל צו באַזעצן אַלע אַרייַנגענג אין געטאָ, און אין פאַל ווען די דייטשן וועלן פּרווון אַריינגיין אין געטאָ, אָנהייבן דעם קאַמף. די רעשט ווערט פונאַנדערגעשיקט אויף די איבעריקע קאַמפּס-פּאָזיציעס.

וועגן דעם דערוויסן זיך פיל ייִדן, וועלכע האָפן נאָך אויפן חסד פון די דייטשן, און זיי בעטן ו'חמים, נישט צו פּראָוואָצירן די דייטשן. לאַנג האָט זיך דער שטאַב באַראַטן, צי מען קאָן ביי דער קעגנערשאַפט פון דער באַפעלקערונג אָנהויבן דעם לעצטן קאַמף. פאַרטאָג איז געקומען דער באַפעל: צוריקציען זיך דורך די קאַנאַליזאַציע-רערן אויף פאַרטיזאַנער-באַזעס. איינציקווייז, איינער נאָכן אַנדערן, לאָזן זיך די קעמפער, באַלאָדן מיט געווער און אַמוניציע, אַראָפּ אין די קאַנאַלן.

די לעצטע גייען אַראָפּ אַבראַשע כוואָיניק, אַסקע ביג און יאַנקל קאַפּלאַן. דאָס איז געווען שוין זייער לעצטער גאַנג. אָבער:

זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלאָע טעג.
קומען וועט נאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה,
סיוועט אַ פּויק טאָן אונזער טראָט—מיר זיינען דאָ!



דער חרובער שול־הויף.

(געזען פון יידישער גאַס. רעכטס – די וואַנט פון דער גרויסער שול; אַנטקעגן – די זיילן פון דער חרובער „אַלטער קלויז" (בית המדרש חישן) און „חפראת־בחורים")

ד"ר מעד. ר. שאַדאָווסקי

# אָרגאַניזאַציע פון דער סאַניטאַר־מעדיציניש ער הילף אין ווילנער געטאָ

נאָכן פאַרנעמען ווילנע האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַ סעריע פאַרפאָלגונגען קעגן יידן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די סיסטעמאַטישע אַקציע פון מענטשן־פאַרניכטונג דורך געשטאַפּאָ, אויסגעפירט מיט דער הילף פון ליטווישע פאַשיסטישע עלעמענטן, איבערהויפּט דורך יוגנט, סטודענטן, פאַרסמטע מיט האַס צום יידישן פאָלק.

אין דער פינצטערער, שווערער צייט איז ביי אַ ריי געזעלשאַפטלעכע טוער אַנטשטאַנען אַ פּלאַן צוצוגרייטן די סאַניטאַר - מעדיציניש ע ארבעט אין צוקונפטיקן געטאָ, וואָס מען איז געווען זיכער, אַז עס וועט געשאַפן ווערן. מען האָט דערוואַרט, אַז דאָס געטאָ וועט אָרגאַניזירט ווערן אָנהייב 1942, אָבער די דייטשן האָבן זיך מיט דעם צוגעאיילט; מן הסתם האָבן ביי דעם נישט קיין קליינע ראָלע געשפּילט זייערע ליטוויש־פאַשיסטישע באַהעלפער.

שוין דעם 13־טן יולי איז אויף סטראַשון 6 (אין די פורים־יאַטקעס, ווו ס'איז געווען דער לאָקאַל פון ערשטן יודענראַט) פאָרגעקומען אַ באַראַטונג וועגן דעם דערמאָנטן פּלאַן. עס זיינען אויף איר בייגעווען ד"ר ג. גערשון, ד"ר מ. בראָדסקי (נאָמינירטער דורך די ליטווינער דירעקטאָר פון יידישן שפּיטאָל) פרוי ד"ר ר. שאַבאַד־גאַווראָנסקאַ, פרוי ד"ר לובע כאָלעם, ד"ר וו. פאָטשטער, ד"ר ר. שאַדאָווסקי און נאָך אייניקע דאָקטוירים. אין צימער האָבן זיך געפונען מיטגלידער פון יודענראַט און זייטיקע יידן. אין מיטן דער באַראַטונג האָט זיך דערהערט אַ גרויסער טומל און געשריי פון דער גאַס. אין צימער זיינען אריינגעלאָפן צעווילדעוועטע געשטאַפּאָ־לייט מיט רעוואָלווערן אין די הענט, געהייסן זיך אַלעמען שטעלן מיטן פּנים צו דער וואַנט, מיט די הענט אינדערהויך. דערוויסנדיקן זיך, אַז דאָס זיינען אַלץ דאָקטוירים, האָבן זיי זיך אַ ביסל באַרויקט און קיינעם דאָ נישט אַרעסטירט. פון אַנדערע צימערן זיינען צוגענומען געוואָרן אַ גרופּע יידן, וועלכע איז אויף אייביק פאַרפאַלן געוואָרן.

דער המשך פון דער באַראַטונג איז פאָרגעקומען סוף יולי אין ווילנער יידישן שפּיטאָל. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַאויפטראַגן דעם שרייבער פון די שורות צו אָרגאַניזירן די מעדיציניש ע ארבעט אין צוקונפטיקן געטאָ.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר די (פיזיש און מאָראליש) שווערע מיסיע צו גיין אויף מיצקעוויטש־גאַס 27 אין געזונטהייטס־אָפּטיילונג.

בעת די געשפּרעכן מיטן לייטער פון ליטווישן געזונט־אמט ד"ר אוסאַס, האָט ער נישט איינמאָל באַמערקט, אַז פּלאַנירן קאָן ער נאָר אויף 20.000, נישט געקוקט אויף ז'עם, וואָס איך האָב פאָרגעשטעלט אַן אָרגאַניזאַציע־פּלאַן אויף 70.000. פון דעם איז איצט קלאָר, אַז די ליטווישע פאַשיסטישע טוער זיינען שוין געווען באַקאַנט מיטן פּלאַן פון פאַרניכטן כמעט דריי פערטל פון ווילנער יידן ביזן אָנהייב פון געטאָ און אין די ערשטע חדשים פון זיין עקזיסטענץ.

אויפן 1־טן סעפּטעמבער 1941 פרי בין איך איינגעלאַדן געוואָרן אין יודענראַט צו באַטראַכטן דעם פּלאַן פון מעדיציניש ער ארבעט אין צוקונפטיקן געטאָ. אין דער נאַכט אויפן 1־טן סעפּטעמבער 1941 איז פאָרגעקומען די „פּראָוואָקאַציע" ד. ה. דאָס ארויספירן פון די הייזער אלע יידישע איינוווינער פון צוקונפטיקן ערשטן און צווייטן געטאָ־שטח. אויף דער זיצונג זיינען בייגעווען אינזש. שאול טראַצקי, יוסף שאַבאַד, באָריס פּרנס, אַנאַטאָל פריד, ג. יאַשונסקי און אנדערע — אלע צעטומלט און דעזאָריענטירט צוליב די נעכטיקע געשעענישן. אינזש. טראָצקי האָט זיך אַנטשולדיקט, אַז דער יודענראַט קאָן זיך איצט מיט מעדיציניש ע פראַגן נישט פאַרנעמען, אַז זיי וויסן בכלל נישט, ווי צו פאַרשטיין אלץ, וואָס עס קומט איצט פאָר אין שטאָט, אַז אַלס פאָרזיצער פון יודענראַט בעט ער אָפּלייגן די מעדיציניש ע פראַגן אויף אַן אנדער זיצונג.

* * *

נאָכן אריינטרייבן אין געטאָ האָט דער יודענראַט נאָמינירט דעם שרייבער פון די שורות אלס שעף־ארצט פון געטאָ און אנפירער פון געזונטהייטס־אמט. אלס פאָרשטייער פון יודענראַט איז צו דעם אַמט צוגעטיילט געוואָרן אדוו. ש. מילקאָנאָוויצקי, וועלכער איז דאַן אריין אין צווייטן יודענראַט. צוזאמען מיט אים זיינען אהין אריין אינזש. אנאטאל פריד, ג. יאַשונסקי, אברהם זיידשנור און פישמאַן.

ביים געזונטהייטס־אַמט איז דורכן שעף־ארצט ארגאַניזירט געוואָרן אַ מעדיציניש ע קאָלעגיע, אין וועלכער ס'זיינען אריין: ד"ר ראזאליא שאַבאַד־גאַווראָנסקאַ, ד"ר א. קאַנטאָראָוויטש, ד"ר ל. עפּשטיין, ד"ר לאַזאַר פינקלשטיין, ד"ר ג. ראָז (פון קאָוונע).

אונזער ערשטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע איז געווען צו אָרגאַניזירן די סאַניטאַר־ עפּידעמיאלאגישע אָפּטיילונג. אין איר שפּיץ האָט זיך געשטעלט דער ד"ר ל. עפּשטיין (פון קאָוונע), וועלכער האָט ארויסגעוויזן פיל קענטעניש, איבערגעבנקייט און ענערגיע. אַ סך האָבן אים מיטגעהאָלפן ביי דער ארבעט זיינע פערזענלעכע באַקאַנשאַפטן מיט קאָוונער ליטווישע טוער און דאָס באַהערשן די ליטווישע שפּראַך.

די סאַניטאַר־היגיעניש ע באַדינגונגען אין געטאָ זיינען געווען שרעקלעכע. אין אַ שטח, ווו ס'האָבן פריער געלעבט אין אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען ביי אַ 5—6 טויזנט מאַן, זיינען צונויפגעפּרעסט געוואָרן

איןביידע געטאָס ביי א 35 טויזנט מענטשן. אין אַ צימערל האָבן זיך געדריקט ביי 12 — 18 מענטשן, אָפטמאָל ביי אַ 5—6 משפּחות (און מערער אויך), דערוואקסענע און קינדער, געזונטע און קראַנקע (די ערשטע טעג פון געטאָ האָבן זיך מענטשן ממש געוואַלגערט אויף די טרעפּ און אויף די הויפן).

שפּעטער, נאָך די טרויעריקע „אַקציעס" פון כאפּן מענטשן אויף פּאנאר, נאָכן אדורכפירן די אזוי גערופענע „אַקציעס" פון געלע שיינען („לעבנס-שיינען") און נאָך אַלע אַקציעס פון ערשטן און צווייטן געטאָ האָט געדאַרפט בלייבן לויט די פּלענער פון געשטאַפּאָ ביי אַ 12 — 13 טויזנט יידן. צוזאַמען מיט די געראַטעוועטע אין די „מאלינעס" (באַהעלטענישן) זיינען אין ערשטן געטאָ געבליבן ביי אַ 20 טויזנט מאן. דאָס צווייטע געטאָ איז, אַ חוץ ווינציקע יחידים, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט און שפּעטער אריבער אין ערשטן געטאָ, אינגאַנצן פארניכטעט געוואָרן. איבער־הויפּט ביי דער צווייטער „אַקציע" פון 2־טן ביזן 5־טן נאָוועמבער 1941, ווען די באַפעלקערונג פון ערשטן געטאָ איז אויף עטלעכע טעג אריבערגעפירט אין 2-טן געטאָ (אין די טעג זיינען אומגעקומען אין 2־טן געטאָ ד"ר בליומאוויטש, ד"ר קאַצענעלנבויגן, נאָך פריער זיינען אַריבער אין ערשטן געטאָ ד"ר א. פּאָטשטער, לייטער פון דער מעדיצינישער אַרבעט אין 2־טן געטאָ און ד"ר ג. ראָן).

נאָך דער פאַרניכטונג פון אזוי פיל מענטשן איז דאָך די ענגשאפט אין געטאָ געווען גרויס. מענטשן האָבן זיך געוואלגערט אויף דער פּאָדלאָגע. קיין בעטן זיינען נישט געווען פאר אלעמען, און קיין אָרט פאר זיי איז אויך נישט געווען. אזוי ארום פלעגט מען מוזן שלאָפן אויף „נארעס"; אָפט פלעגט מען זיי מאַכן אין צוויי אָדער דריי גארנס.

ריינקייט איינצוהאלטן ביי אַזעלכע באדינגונגען איז געווען אויסערגעוויינלעך שווער. און דאָך איז נאָך א גרויסער ארבעט פון גאנצן פּערסאָנאַל פון דער סאַניטאַר - עפּידעמיאלאגישער אָפּטיילונג געלונגען צו פארבעסערן דעם סאַניטאַרן ניוואָ אין געטאָ און צו דערהאַלטן אים אויף דער הויך די גאַנצע צייט, וואָס דאָס געטאָ האָט עקזיסטירט.

דאָס געטאָ איז פאַרטיילט געווען אויף ראַיאָנען. יעדער ראַיאָן אונטער דער אויפזיכט פון א סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישן דאָקטער און אייניקע שוועסטער. איך דערמאָן זיך די איבערגעגעבענע אַרבעט פון ד"ר מאַרק דוואָרזשעצקי, ד"ר שמושקאָוויטש (פון וואַרשע), ד"ר עמנואל עפּשטיין, ד"ר קאָשטשענעווסקי, ד"ר גאָלדבורט, ד"ר אימיאַניטאָווא. די סאַניטאַרע עפּידעמיאָלאָגן פלעגן באזוכן די הויפן, אויף וועלכע ס'פלעגן זיך וואלגערן בערג מיסט (איבערהויפּט שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, וואָס איז געווען דער הויפּט־ארטיקל פון דער געטאָ־דיעטע), קאל און אורין. אינדערפרי און אין אָוונט פלעגן טעגלעך אין דער סאניטאַר-עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג אָרגאַניזירט ווערן באַריכט־זיצונגען. ס'פלעגן אָפּגעגעבן ווערן ראפּאָרטן פון דער טעגלעכער ארבעט און מ'האָט באַשטימט פּלענער אויף מאָרגן. די ערשטע אויפגאַבע איז געווען צו באפרייען דאָס געטאָ פון די בערג מיסט. מיט דער דערלויבעניש פון דער דייטשער און ליטווישער מאַכט האָט מען געדונגען אַ היפשע צאָל פורן אויף ארויסצופירן די מיסט־אָפּפאלן, רייניקן די קלאָזעטן. די רייניקונגס-ארבעט איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון ד"ר גליקסבערג (פון פינסק).

די ארבעט האָט געגעבן די געהעריקע רעזולטאַטן, דאָס געטאָ האָט אָנגעהויבן ריינער ווערן.

ס'זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן צימער־און וווינונגס-קאָמענדאַנטינס, הויז־און בלאָק-קאָמענדאַנטינס, וועלכע האָבן פאר זייער ארבעט געהאַט „לעבנס-שיינען" און זיינען אין זייער ארבעט געווען אונטערגעוואָרפן דער סאניטאַר - עפּידעמיאלאגישער אָפּטיילונג. מיר שטרייכן דאָ קאַטעגאָריש אונטער, אז די פּראָפּאַגאַנדע און די אויפקלערונגס־אַרבעט פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג האָט געגעבן גרעסערע רעזולטאַטן ווי די ארבעט פון דער סאַניטאַר־פּאָליציי אונטער דער אָנפירונג פון ר. אָסטער פון קאָוונע, וועלכע האָט איר ארבעט געפירט דורך געלט-שטראָפן און אפילו ארעסטן אין געטאָ־תפיסה.

די ענערגישע ארבעט פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג האָט געגעבן גרויסע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן ביים פארהיטן דאָס געטאָ פון עפּידעמיעס (די דייטשן האָבן אויפגעהאָנגען אויפן טויער פון געטאָ אַ גרויסן שילד: „אַכטונג! זויכן-געפאַר, איינטריט פאר נישט יודן פארבאָטן!"), אלע האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אז דאָס פארהיטן דאָס געטאָ פון עפּידעמישע קראנקייטן וועט פארלענגערן זיין עקזיסטענץ און דערמיט געבן גרעסערע שאַנסן דורכצולעבן די שווערע, גרויזאַמע צייטן און דערוואַרטן די ישועה, אין וועלכער ס'האָט זיך געוואָלט גלויבן. אפילו די פּעסימיסטן, וועלכע פלעגן זיך אָנרופן „טרופּי נאַ אורלאָפּיע" („מתים אויף אורלויב") האָבן אויסגעפירט אלץ, וואָס מען האָט פון זיי געפאָדערט.

ס'איז איינגעפירט געוואָרן אן אָבליגאַטאָרישער באַזוך (1 מאָל אַ חודש) אין די לויטן פּראָיעקט פון געזונטהייטס־אמט געשאַפענע סאַניטאַרע דורכלאָז־פּונקטן (אויף רודניצקער 6 און אויף סטראַשון־גאַס 6), וואָס האָט אין וואָרצל באַקעמפט די לייז-פּלאָג אין געטאָ. די סאַניטאַרע דורכלאָז־פּונקטן זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן לויט די לעצטע סאַניטאַרע פאָדערונגען; זיי [illegible] באַשטאַנען פון אַ צימער, אין וועלכן מען פלעגט [illegible] אויסטאָן און אָפּגעבן די זאַכן אין דעזינפעקציע־קאַמער; פון אַ צווייטן צימער מיט שפּריצן, פון וועלכן מען פלעגט נאָכן אויסבאָדן זיך אריבערגיין אין א ריינעם צימער, ווו מען פלעגט באקומען די אויסגעדעזינפעקצירטע בגדים און וועש. די אַקציע האָט אין וואָרצל אָפּגעהאלטן דעם פלעק־טיפוס, וועלכער האָט זיך אין אָנהייב פון געטאָ גענומען פארשפּרייטן און געדראָט מיט אַ גרויסער געפאר. שפּעטער פלעגן פאלן פון פלעק־טיפוס טרעפן זעלטן און כמעט נאָר ביי יידן פון לאַגערן אויסערן געטאָ און פון די ארומיקע שטעטלעך, וועלכע פלעגן געבראַכט ווערן אין ווילנער געטאָ־שפּיטאָל.

א ס̇ך האָט מיטגעהאָלפן דעם פארקלענערן פון בויך־טיפוס־עפּידעמיע דאָס איינפירן אין געטאָ פון טיי־הייזער („טשייניעס"), ווו יעדערער האָט געקאָנט אַ גאַנצן טאָג באַקומען פאַר אַ שפּאָט ביליקן פּרייז געקאָכטן וואסער.

נישט קיין קליינע ראָלע האָט געהאַט ביים פארהיטן פון עפּידעמיע - קראַנקייטן די פּראָפּאַגאַנדע - אַרבעט, וואָס איז יאָרן לאַנג פארן קריג געפירט געוואָרן דורכן

„טאָז"-אָרגאַן „פאָלקס־געזונט" און איז וויטער געפירט געוואָרן אין געטאָ דורך דער סאַניטאַר־עפידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, ווי אויך דורכן „פאָלקס־געזונט" אין דער פאָרם פון לעקציעס, אין וועלכע ס'האָבן אנטייל־גענומען אַ סך דאָקטוירים.

ס'זיינען, אמת, געווען עפּידעמיעס פון שקאַרלאַטין, דיפטעריט, מאָזלען ביי קינדער. בויך־טיפוס און פלעק־טיפוס זיינען אויך געווען, אָבער נישט אין קיין גרויסער צאָל, ווי אין די ערשטע חדשים פון געטאָ, שפּעטער אָבער, ווי ספּאָראַדישע פאַלן.

דער פאַרדינסט פון דער פאַרהיטונג פון דער געטאָ־באַפעלקערונג פון די שרעקלעכע קראַנקייטן מוז מען אָפּגעבן דעם געזונטהייטס־אַמט ביים יודענראַט, און איבערהויפּט זיין סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, ווי אויך דער באַוווסטזיניקער באַציונג צו אירע אויפגאַבן מצד דער גאַנצער געטאָ־באַפעלקערונג. מיט יראת־הכבוד מוז איך דאָ דערמאָנען דעם ח' ד"ר לאָזער עפּשטיין, ד"ר שמושקאָוויטש, ד"ר מאַרק דוואָרזשעצקי ד"ר קאָלאָדנער, ד"ר עמנואל עפּשטיין, ד"ר בערנשטיין, ד"ר אימיאַניטאָווא, ד"ר א. גאָלדבורט, ד"ר זיידלער, ד"ר קאָסטשעניעווסקי און א סך אַנדערע, ווי אויך אלע סאַניטאַר - עפּידעמיאָלאָגישע שוועסטער בראש מיט דער געטרייער און ענערגישער שוועסטער שפרה טייטעל (געבוירן גרענאַדער). איך מוז דאָ אויך דערמאָנען די שווערע אַרבעט, וואָס ס'האָט דורכגעפירט ביי דעם די דעזינפעקציע־קאַמער, ווו ס'פלעגט דורכגעפירט ווערן די דעזינפעקציע פון אַלע זאַכן פון וווינונג, אין וועלכער ס'זיינען געווען אנשטעקנדיקע קראַנקייטן (שוו. קיילסאָן).

נישט קיין קלענערע ראָל ביים קאַמף מיט עפּידעמיעס האָבן געהאַט די וועשערייען, ווו יעדער איינוווינער פון געטאָ פלעגט קאָנען איין מאָל אין חודש אויסוואַשן עטלעכע קילאָ וועש (לעצטנס ביז 5 קילאָ). מיט דער ערשטער אין לאָקאַל פון שפּיטאָ, האָט אָנגעפירט ד"ר נעמי גאָרדאָן. מיט דער צווייטער וועשעריי — יצחק פינטשוק, פריערדיקער ווירטשאַפטס־לייטער אין געזונטהייטס־אַמט.

אונטער דער אָנפירונג פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג איז אויך געווען אַ קרעץ־פונקט. די קרעץ־עפּידעמיע איז געווען א גרויסער פּלאָג אין געטאָ. אָנגעפירט מיט דעם פונקט האָט פרוי ד"ר ליובע כאָלעם. אַ וויכטיקע ראָל האָט געהאַט ביים פאַרהיטן פון אנשטעקנדיקע קראַנקייטן דער געטאָ־קאַראַנטין, ווו ס'פלעגט מוזן פאַרבלייבן אַ געוויסן באַשטימטן טערמין, יעדער ייד, וואָס איז אָנגעקומען פון די ארומיקע שטעטלעך. אָנגעפירט מיט דעם קאַראַנטין האָט פרוי ד"ר אימיאַניטאָווא.

* * *

אַ גרויסע באַדייטונג אין קאַמף פאַרן געזונט אין ווילנער געטאָ האָבן געהאַט די אַמבולאַטאָריע און שפּיטאָל.

גלייך דעם ערשטן טאָג פון געטאָ איז אויף סטראַשון־גאַס 6 אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ נישט גרויסן צימער די ערשטע אַמבולאַטאָריע אין געטאָ. געאַרבעט אין איר האָבן א היפּשע צאָל יידישע דאָקטוירים. אינגיכן איז זי איבערגעטראָגן געוואָרן אויף רודניצקער 9־11 אין גרויסן לאָקאַל פון געוו. האַנטווערקער־פאַרבאַנד, וועלכער איז שוין פריער לויט אונזער פּלאַן פאַר־אויסגעזען געוואָרן פאַר דער געטאָ־אַמבולאַטאָריע.

די אַמבולאַטאָריע איז אויפגעבויט געוואָרן ממש מיט די הענט פון די דאָקטוירים און שוועסטער, וועלכע האָבן אין איר מיטגעאַרבעט. גלייך אין די ערשטע טעג איז לויט דער איניציאַטיוו פון איר לייטער, ד"ר קלמן שאַפּירא, צונויפגעבראַכט געוואָרן מעבל פון פאַרשידענע באַאַמטע קראַמען. אַדאַנק דעם מאַטעריאַל זיינען געשאַפן געוואָרן באַזונדערע קאַבינעטן פאַר פאַרשידענע ספּעציאַליטעטן:

אינערלעכע —
ד"ר שאַפּירא קלמן, ד"ר בוזשאַנסקי לאזאר, ד"ר פערעוואָזקי אלעקסיי, ד"ר פּאָמעראַנץ לייב, בוראק מאקס, ד"ר ראַן ג., ד"ר קאַנטאָראָוויטש אַלעקסאַנדער, (פון קאָוונע), ד"ר ראָזענבליט אַלפרעד, (פון ווארשע), קאָלאָדנער בער, ד"ר מאַרק דוואָרזשעצקי, קשעמיאַנסקי אַבע.

קינדער־קראַנקייטן — ד"ר פינקלשטיין (געוו. פאָרזיצער פון „אזע" אין ליטע), ד"ר ר. שאבאַד־גאווראָנסקאָ, ד"ר ברייטבאַרד מ., ד"ר קאַרנאָווסקי.

נערוון־קראַנקייטן — ד"ר יוליוס געגזעל,

אוראָלאָגישע קראַנקייטן — ד"ר מ. פייגענבערג,

כירורגישע—אַברהם לידסקי, ל. פייסאַכאָוויטש, לערנמאַן אפרים, פאלק טראָצקי,

אטא־לאַרינגאָלאָגישע קראַנקייטן — ד"ר ראשקעס (פון קאָוונע), ד"ר ל. ריווקינד, ד"ר א. ליבאָ.

פרויען־קראַנקייטן — ד"ר ל. פינגערהוט (פון ווארשע), רפאל בוך.

הויט־קראַנקייטן — ד"ר ג. וואָלפּסאָן, פרוי ד"ר סאָפיע זעלדאָוויטש, פרוי ד"ר ליובע כאלעם,

אויגן־קראַנקייטן — פרוי ד"ר זאלקינדסאָן, פרוי ד"ר ברכה שענקער, ד"ר רעכעס,

לאַבאָראַטאָריע — ד"ר מ. גאָרדאָן,

פיזיאָ־טעראַפּעווטישער קאַבינעט — ד"ר ל. איוואַנטער,

דענטיסטישע אָפּטיילונג מיט אַ טעכנישער לאַבאָראַטאָריע אָנגעפירט דורך דעם צאָן־דאָקטאַר ראָבערט נאַדעלמאַן (געוו. לאַנגיאָריקער פאַרוואַלטונגס - מיטגליד פון ווילנער „טאָז"). מיטגעאַרבעט האָבן די צאָן־דאָקטוירים: בלאָך, עלזאַ סווערדלין, האררי בערלין, קולקעס, מאן און פרוי א"א.

אין אַמבולאַטאָריע האָבן מיטגעאַרבעט שוועסטער כיענע באָראָווסקא, קלארא קאָוואַרסקא, וויערא אגוז, מרים שאַדאווסקי, שער א"א.

ביי דער אַמבולאַטאָריע האָט עקזיסטירט די „גיכע הילף", וועלכע פלעגט טאָג און נאַכט געבן הילף ביי עקסטרא־פאַלן. דאָרט האָבן מיטגעאַרבעט די דאָקטוירים: פריד חיים־הלל, לאזאר בוזשאַנסקי, משה צוקערמאן, וו. זאלקינדסאָן, גודעניאַצקי.

די ערשטע חדשים האָט די אַמבולאַטאָריע געגעבן אומזיסטע הילף, שפּעטער פאַר אַ זייער קליינעם אָפּצאָל. די איינגעפלאָסענע אָפּצאָלן פלעגן איבערגעגעבן ווערן דער אלגעמיינער קאַסע ביים „יודענראַט". די פּאָפּולאַריטעט פון דער אַמבולאַטאָריע איז געווען זייער גרויס. די דאָקטוירים האָבן געגעבן הילף אין דער אַמבולאַטאָריע און אויף אהיים. די דאָקטוירים פון אַמבולאַטאָריע און שפּיטאָל האָבן אָבסערווירט די ספּעציעלע קראַנקייטן, וועלכע זיינען ארויסגעטרעטן צוליב די ספּעציפישע געטאָ־באַדינגונגען: ביי פרויען אומנאָרמאַלקייטן פון מענסטרואַציע — וואָס איז שוין געווען צו באַמערקן אין אָנהייב פון קריג, אין געטאָ האָט דאָס אָבער אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער; געדערים־קראַנקייטן, געשווי־

לעכצן, וועלכע פלעגן נישט זעלטן ביי געדערים-קראַנקייטן פירן צום טויט; הויט-קראַנקייטן; פורונקולן, קרעץ, פעדיקולאָזוס, (פאַרלייזונג), אויגן-קראַנקייטן (אײַבערהויפּט אָפטע אויגנבירן אָן פּאַטאָלאָגישע צוגאָר־עלעמענטן אין אויגן), טובערקולאָז, וואָס איז געוואָרן אַ מאַסן־דערשיינונג ביי קינדער (ביי דערוואַקסענע האָט די קראַנקייט נישט אָנגענומען קיין מאַסן־כאַראַקטער); אויגן־קראַנקייטן זיינען געוואָרן אַ פיל אָפטערע דערשיינונג, סטרומע-עפּידעמיע ביי קינדער.

די אַמבולאַטאָריע האָט געפירט אַ זייער אינטערעסאַנטע דיאַגראַמע, וועלכע פלעגט אָפּשפיגלען אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין געטאָ. די פרעקווענץ פלעגט פאַלן ביז נאָל ביי פאַרשידענע אומרויקע טעג אין געטאָ, דערגייענדיק מיט אַ מאָל צו גרויסע ציפערן (ביי גריפּע, קינדער־עפּידעמיעס,א"א.).

ביז סוף יאַנואַר 1942 איז דורכגעפירט געוואָרן דער גאַנצער צוגרייטונגס-פּלאַן פון מעדיציניש־סאַניטאַרער אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ. נישט קענענדיק ווייטער מיטאַרבעטן מיט אַזעלכע מענטשן, ווי דער עלטסטער פון יודענראַט אינזש. א. פריד און פּאָליציי־שעף גענס, — שפּעטערדיקער געטאָ-פאָרשטייער (לייען דיקטאַטאָר), — האָב איך זיך אָפּגעזאָגט פון מיין אַמט און געבעטן מיך איבערפירן אַלס אָרדינאַטאָר אין יידישן שפּיטאָל. אויף מיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן ד״ר מ. בראָדסקי.

* * *

אַ וויכטיקע און אייגנאַרטיקע ראָל האָט געשפּילט אין געטאָ דער יידישער שפּיטאָל, וועלכער איז אַלס גאַנצער אריין אין די גרענעצן פון געטאָ (מיט די פענצטער, פאַרשמירטע אויף ווייס, צו זאַוואַלנער גאַס, אריינגאַנג דורך שפּיטאָל־גאַס).

אין זומער 1941 איז אַלס דירעקטאָר געוואָרן באַשטימט פון געזונטהייטס - אָפּטיילונג ביים מאַגיסטראַט ד״ר מיכאל בראָדסקי (צוזאַמען מיט אים איז דורך דער ליטווישער מאַכט אויך צוגעטיילט געוואָרן צום שפּיטאָל פרוי ד״ר עמיליא סאליט און ד״ר אברהם וויינריב). די אַרבעטס-באַדינגונגען זיינען געווען זייער שווערע. שוין אינגיכן האָבן זיך אָנגעהויבן די „כאַפּענישן" אויף די גאַסן און אין די הייזער. פיל יונגע דאָקטוירים, שוועסטער און מעדיצינישע אַרבעטער האָבן זיך צוגעשאַרט צו דער אַרבעט אין שפּיטאָל. פיל פון זיי פלעגן פון שפּיטאָל נישט אַרויסגיין און אויף אַזאַ אופן פאַרהיט זיך פון פאַנאַר. אויך סתם יחידים פלעגן אָנקומען אין שפּיטאָל אַלס פיקטיווע קראַנקע (אַזוי זיינען פאַרן געטאָ אין שפּיטאָל געווען פאַרשריבן אַלס קראַנקע אינזש. א. פריד, אדוו. ש. מילקאַנאָוויצקי, א. קאַראַבטשינסקי (פון „משמרת חולים"), א. וואַיטשיק (געשעפטס־פירער פון „טאָז") א. א. דאָס אַלץ איז אָבער געווען אַ טראָפּן אין ים, ווייל שוין אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע איז אומגעקומען כמעט אַ העלפט פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג.

אַזוי איז אָנגעקומען דער טאָג פון אריינטרייבן אין געטאָ. אינגיכן האָבן זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע טעג פון „כאַפּענישן" אין געטאָ גופא, און מענטשן האָבן געזוכט זייער רעטונג אין שפּיטאָל. געזונטע פלעגן אָקופּירן דעם שפּיטאָל, לויפן אין די „מאַלינעס" אין שפּיטאָל. וועגן אַ נאָרמאַלער שפּיטאָל־אַרבעט האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד, די קראַנקע און נישט קראַנקע פלעגן קומען אין שפּיטאָל לויט זייער איינזעעניש. אָפט פלעגט דער שפּיטאָל איבערפולט ווערן מיט פיקטיווע „קראַנקע", אָפט פלעגן אפילו קראַנקע אַנטלויפן פון אים, כדי זיך צו באַהאַלטן אין זיכערע „מאַלינעס". ביי אַזאַ צושטאַנד זיינען דאָס לעבן און אַרבעט פון שפּיטאָל געווען נישט קיין נאָרמאַלע. איינגעשטעלט און נאָרמאַליזירט האָבן זיי זיך ערשט אין דעצעמבער 1941, ווען ס'האָבן זיך פאַרענדיקט די גרויזאַמע „אַקציעס", וועלכע האָבן דערפירט די צאָל געטאָ־באַפעלקערונג אָפיציעל ביז 13 טויזנט מענטשן, פאַקטיש — ביז 18 טויזנט.

דער יודענראַט האָט געהאַט פּרעטענזיעס צום ד״ר מ. בראָדסקי און אים באַזייטיקט, איבערגעבנדיק זיין דירעקטאָר־פּאָסטן דעם ד״ר א. סעדליס און באַשטימענדיק ד״ר א. וויינריב אַלס וויצע-דירעקטאָר. איך מוז אָבער צום כבוד פון ד״ר בראָדסקי אונטערשטרייכן, אַז דער בעסטער אַדמיניסטראַטאָר ביי דער שטאַרקסטער פּאָליציייִשער דיסציפּלין וואָלט נישט געקאָנט איינהאַלטן די געהעריקע אָרדענונג אין שפּיטאָל. צו זיין ערע און ליכטיקן אָנדענק וויל איך דאָ דערמאָנען דעם פאַקט פון איינהאַלטן ביים לעבן דעם גאַנצן פּערסאָנאַל פון שפּיטאָל, וועלכער איז באַשטאַנען פון פיל נייע מיטאַרבעטער פון „משמרת־חולים", „טאָז". נאָכן באַקומען די געהעריקע צאָל געלע שיינען האָט ער זיי פאַרטיילט אַזוי, אַז נישט־פאַרהייראַטע מיטאַרבעטער האָט ער געצוווּנגען צוצושרייבן נישט־פאַרהייראַטע פרויען, דאָקטוירים, שוועסטער, סאַניטאַרינס און אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט פון זיכערן טויט פיל מענטשן (דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען אין אַמבולאַטאָריע, אין דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג און קינדער-אָפּטיילונג), דאַן ווען אין געטאָ איז פאָרגעקומען אין אַנדערע פאַלן אַ מיאוסער האַנדל ביים צושרייבן מענטשן צו די געלע שיינען...

נאָכן נאָרמאַליזירן דאָס לעבן אין געטאָ, פון יאַנואַר 1942, האָט זיך אויך נאָרמאַליזירט די אַרבעט אין שפּיטאָל, און ער איז געוואָרן איינער פון די מוסטערהאַפטסטע אַנשטאַלטן אין געטאָ. זיין ריינקייט, אַרבעט־דיסציפּלין, אָרדענונג, מיט דער איבערגעבנקייט צו דער אַרבעט פון גאַנצן פּערסאָנאַל — האָבן אים געשאַפן אין געטאָ דעם גוטן נאָמען, אויף וועלכן ער האָט זיך פאַרדינט.

אין שפּיטאָל האָבן געאַרבעט פאָלגנדיקע דאָקטוירים:

אין דער כירורגישער אָפּטיילונג — ד״ר זאַלקינדסאָן אָסיף, טראָצקי פאַלק, לידסקי אברהם, פייסאַכאָוויטש לייב (פון שאוול), קאַנויכסקי אליהו, אַנטאָקאָלעץ און י. גאָרדאָנאָוויטש.

אין גינעקאָלאָגישער אָפּטיילונג — ד״ר אליהו סעדליס, ד״ר אלעקסאַנדער אבראַמאָוויטש.

אין אינערלעכער אָפּטיילונג — מאַטווייִ גערשאָוויטש, אלעקסאַנדער קאַפּלאַן, רפאל שאַדאָווסקי, אברהם גאָלדמאַן, עמיליע סאליט, אברהם וויינריב.

אין אינפעקציע אָפּטיילונג — וולאַדימיר שומעלישסקי ד״ר זכריהו כ״ץ (קינדער־אינפעקציע).

קינדער־אָפּטיילונג — איסר יאַבראָוו, פּעסיע לידסקי, רעזניק נפתלי, פ. גערשגאָרן, ראשעל פּערעיאָזסקא, ר. אַלק־פּערגאַמענט, רעזניק — לעווינסאָן.

אָטאָ־לאַרינגאָלאָגישע אָפּטיילונג — אַלעקסאַנדער ליבאָ, נח וואָלקאָוויסקי.

אויגן־אָפּטיילונג — יצחק רוטשניק, רעכעס.

אוראָלאָגישע אָפּטיילונג — כאַלעם עמנואל, מ. פייגענבערג.

נערוון־אָפּטיילונג — לעאָן באַראַנאָווסקי.

רענטגען־קאַבינעט — שמואל מאַרגאָליס.

לאַבאָראַטאָריע — גדליה געלמאַן, דער יונגער ד״ר מיכאל ראָם.

אַלס אינטענדענט — ד״ר דוד גראָדזענסקי.

אַלס שוועסטער פון שפּיטאָל דערמאָן איך זיך די שוועסטער: ראָזע גאָלדבלאַט — בלאָך, חיה בלאָפאַרב (די באַרימטע „חייטשקע״, וועלכע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד זומער 1943), שוו. קאַגאַן, פעלדשער דוד שער — אַלע לאַנגיעריקע מיטאַרבעטער פון שפּיטאָל, שוועסטער איידעלסאָן (אומגעקומען 1942), אסתר (פירע) ווײַנשטיין, בעטיע שלאָסבערג— שניידער, גראַדע—צירינסקאַ, אסתר כ״ץ, די ליבע און געטרייע שוועסטער ליזע אַראָן (געוועזענע עלטסטע שוועסטער פון „משמרת חולים״, וועלכע איז צום אומגליק צוריקגעקומען פון א״י, ווו זי האָט אַלס האַרץ־ליידנדיקע נישט געקאָנט פאַרבלייבן צוליבן קלימאַט), די סאַניטאַרינס עלקע בלאָפאַרב, בתיה, רבקה (לאַנגיעריקע מיטאַרבעטערינס פון „משמרת חולים״־שפּיטאָל), די סאַניטאַרין עמע (וואָס איר מאַן האָט דערשאָסן אויף אירע אויגן און אין מיין בייזיין אַ צעווילדעוועטער יידישער פּאָליציי־קאָמיסאַר אין די לעצטע טעג פון געטאָ). און נאָך אַ סך, אַ סך ליבע געשטאַלטן גייען פאַרביי די אויגן, געטרייע און איבערגעגעבענע מיטאַרבעטער, וואָס זייערע נעמען האָב איך פאַרגעסן, אָבער זייערע געשטאַלטן שטייען אויף לעבעדיק פאַר די אויגן...

אין דער אינפעקציעזער אָפּטיילונג האָבן געאַרבעט, ווי איך דערמאָן זיך, דער אַלטער באַוווסטער פעלדשער בער לעווינסאָן מיט זיין פרוי, שוועסטער נאַדעל, די פליטקע שוועסטער מאַשע אַנאָליק מיט איר מאַן, שוועסטער זשעלעזניקאָוו (פרוי פון באַוווסטן אַרבעטער־טוער).

די הויפּט־קראַנקייטן אין שפּיטאָל זיינען געווען אינערלעכע פאַרקילונגס־קראַנקייטן, לונגען־אָנצינדונגען, בראָנכיטן, האַרץ־ליידן, נישט קיין פולע נירן־קראַנקייטן. אינטערעסאַנט דאָ אונטערצושטרייכן די פאַרהעלטנישמעסיק קליינע צאָל מאָגן־קראַנקייטן, שווערע מאָגן־אָנצינדונגען, געשווירן. נאָך קלענער איז געווען די צאָל פון קראַנקע אויף ראַק און טובערקולאָז ביי דערוואַקסענע (פון ערשטן איז אין שפּיטאָל געשטאָרבן אין 1941 ד״ר שלמה פערגאַמענט, פון שווערן טובערקולאָז ד״ר אַלעקסאַנדער ראָ... אין 1942).

אין דער גינעקאָלאָגישער אָפּטיילונג האָבן דעם רוב בנין ורוב מנין פון אַלע קראַנקע געשאַפן די אַבאָרטן, ווייל דאָס שוואַנגער ווערן איז געווען פּאָליציייִש פאַרבאָטן. איז דערמאָן זיך פאַלן פון שוואַנגערע אין די העכערע חדשים, וועלכע די געטאָ־פּאָליציי פלעגט מיט צוואַנג ברענגען אין שפּיטאָל, כדי אויסצוברעכן די שוואַנגערשאַפט.

אין דער כירורגישער אָפּטיילונג — דער הויפּט אומגליקס־פאַלן ביי דער אַרבעט און אַנדערע אָפּעראַציעס.

איך האָב נישט קיין שריפטלעכע געגעבענע וועגן געטאָ. ס'איז מיר שווער אַלץ צו געדענקען. איך קאָן אָבער מיט דער גאַנצער זיכערקייט פעסטשטעלן, אַז קיין עפּידעמיע (אין פולן זין פון וואָרט) פון בויך־אין פלעק־טיפוס איז אין געטאָ נישט געווען. דער קלענער אויסברוך פון די קראַנקייטן איז גלייך ביים אָנהייב פון געטאָ איבערגעריסן געוואָרן אַדאַנק די ענערגישע מיטלען, וואָס זיינען גלייך אָנגענומען געוואָרן. און שפּעטער זיינען פאַלן פון בויך־טיפוס, פּאַראַטיפוס, פלעק־טיפוס און דיזענטעריע געווען אין געטאָ ספּאָראַדיש.

אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך איז געווען דאָס דורכפירן די קראַנקע אויף די דאָזיקע קראַנקייטן. זיי פלעגן אָפיציעל פיגורירן אַלס גריפּעניקעס אָדער אַנדערע קראַנקע, מיט געפעלשטע טעמפּעראַטור־צעטלען און די מעדיצינישע וויזיטן פון די דייטשע מעדיקער פלעגן זיך שטענדיק ענדיקן מיט אַ באַוווּנדערונג, וואָס אין שטאָט זיינען דאָ טיפוס־קראַנקע און ביי אונז אין געטאָ נישט. צוגיין צו אַ קראַנקן און קאָנטראָלירן פלעגן זיי קיינמאָל נישט, מורא האָבנדיק מן הסתם פאַר אינפעקציע. איך דערמאָן זיך גוט די אינספּעקציע פון פאַרטרעטער פון די דייטשן שעף־אַרצט, וועלכן מיר האָבן ביים באַזוך אין שפּיטאָל, ביי דעם אינפעקציעזער אָפּטיילונג, ווו ס'זיינען געלעגן אין יאָר 1941 עטלעכע צענדליק טיפוס־קראַנקע, פאַרזיכערט, אַז קיין אינפעקציע־קראַנקייטן האָבן מיר נישט אַחוץ מאָזלען און שקאַרלאַטין ביי קינדער. מיר האָבן געהערט וועגן די פאַלן פון פאַרברענען אין קאָוונע אַן אָפּטיילונג מיט טיפוס־קראַנקע; דאָקטוירים און שוועסטער. אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? „אַזוי אַ קויל און אַזוי אַ קויל״ ווי מען פלעגט אין געטאָ זאָגן.

חוץ דעם האָבן אין פאַרשידענע אַרבעטס־איינהייטן געאַרבעט דאָקטוירים. צווישן זיי דערמאָן איך זיך ד״ר י. אַבראַמאָוויטש, ד״ר כאַנאָוויטש, ד״ר גאָרדאָנאָוויטש, ד״ר הלל פייגוס (אין „קיילים״), ד״ר מאַקס וואָלפסאָן (אין ה. ק. פּ.), ד״ר דלוגי, ד״ר ל. שטיינהויער א״אַ.

אַזוי האָט געאַרבעט דער שפּיטאָל ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ. שוין אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1943 בעת שיקן מענטשן אויף „אַרבעט״ אין די שווערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין עסטלאַנד, האָט די יידישע פּאָליציי געשלעפּט קראַנקע פון די בעטן און אַ פּאָר טעג פאַר זיין טויט, האָט דער געטאָ־פאָרשטייער יעקב גענס אַליין (דערשאָסן געוואָרן 15. 4. 1943 דורכן געשטאַפּאָ־שעף נויגעבאַוער) מיט דער הילף פון עטלעכע פּאָליציסטן, אונטער דער דראָונג פון רעוואָלווערן, צונויפגענומען כמעט אַלע מענער — מיטאַרבעטער פון שפּיטאָל, דאָקטוירים, פעלדשערס, שוואַרצע אַרבעטער, פאַרמאַצעווט א. אַ. און אָפּגעשיקט זיי קיין עסטלאַנד (אייניקע אין די וועסטלעך, וועלכע זיי האָבן געטראָגן אונטער די כאַלאַטן).

* * *

אין געטאָ איז אויך ווייטער געפירט געוואָרן די אַרבעט פון ווילנער יידישן דאָקטוירים פאַריין, וועלכער איז געווען טעטיק אין ווילנע איבער צוואַנציק יאָר פאַר דער מלחמה. יעדן פרייטיק פלעגן באַרקומען אין אַמבולאַטאָריע די טראַדיציאָנעלע פרייטיק־

זיצונגען, אויף וועלכע ס'פלעגן פאָרקומען וויסנשאַפטלעכע פאָרטראָגן, איבערהויפּט איבער געטאָ־טעמעס, פאַרבונדענע מיט געטאָ־קראַנקייטן (געשווילעכץ, קינדער־סטרומע אין געטאָ, וועגן סאַניטאַרן וועזן פון געטאָ, טעטיקייט פון געזונטהייט־אַמט און עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, קינדער־אויפזיכט אין געטאָ, וועגן דער טעטיקייט פון שול־מעדיצינישן צענטער, וועגן וויטאַמין־פּראָדוקציע, וועגן נייעס אין דער וויטאַמינען פראַגע א״אַ). נאָך די פאַרלעזונגען פלעגט געוויינלעך פאָרקומען אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע. אויף אַזאַ אופן איז, נישט געקוקט אויף די גרויזאַמע איבערלעבונגען, אין געטאָ ווייטער געפירט געוואָרן די טראַדיציאָנעל וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון די יידישע דאָקטוירים פון ווילנע און אייערע קאָלעגן־פּליטים פון וואַרשע, לאָדזש, קאָוונע און אַנדערע שטעט. הגם ס'האָט געפעלט די נויטיקע מעדיצינישע ליטעראַטור, ווייל געבליבן איז נאָר די מעדיצינישע ביבליאָטעק ביים יידישן שפּיטאָל און איינצלנע ביכער פון באַזונדערע קאָלעגן, וועלכע האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך אין געטאָ אָדער וועלכע זיינען אריינגעשמוגלט געוואָרן אַהין דורך יידישע אַרבעטער ביים אַרבעטן אין די פאַרלאָזענע וווינונגען פון יידישע דאָקטוירים. ביי דער אָרגאַניזירונג פון די זיצונגען האָט אַ פולע ענערגיע אַרויסגעוויזן דער לייטער פון אַמבולאַטאָריע ד״ר קלמן שפּירא. ער האָט אויך פיל מיטגעהאָלפן ביים אָרגאַניזירן און אויספירן דעם ציקל פּאָפּולערע פאָרטראָגן א. נ. „פאָלקס־געזונט״. סעקרעטאַר פון דעם לעבעדיקן זשורנאַל איז געווען דער יונגער דאָקטאָר אַנטאָקאָלעץ. די פאַרלעזונגען פון דעם זשורנאַל פלעגן פאָרקומען איינמאָל אין צוויי וואָכן אין געטאָ־זאַל. די פאָרטראָגן פלעגן געלייענט ווערן דורך די אויטאָרן, יידישע דאָקטוירים, הויפּטזעכלעך אויף געזונטהייט־טעמעס, פאַרבונדענע מיט דעם געטאָ־לעבן. איך דערמאָן זיך די פאָרטראָגן פון די דאָקטוירים סעדליס, פייגערהוט (פון וואַרשע), ג. געלמאַן, לאַזאַר פינקעלשטיין (געוו. פאָרזיצער פון „אָזע״ אין ליטע), שאַבאַד גאַווראָנסקא און אַ סך אַנדערע. זייער אינטערעסאַנטע פאַרלעזונגען, אין אַן אָריגינעלן סטיל, פלעגט פאַרהאַלטן דער באַגאַבטער יונגער ד״ר עמנואל עפּשטיין (שוין דאַן אַ געפערלעך קראַנקער, געשטאָרבן אין אַ לאַגער אין עסטלאַנד).

אין „פאָלקס־געזונט״ איז אויך ווייטער געפירט געוואָרן דאָס „פראַגן־קעסטל״. בכלל איז דער „פאָלקס־געזונט״ איינגעהאַלטן געוואָרן אין סטיל, אין פאָרם, ווי ער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן „טאָז״ אין ווילנע און דורך זיין שעפער און לאַנגיאָריקן רעדאַקטאָר ד״ר צמח שאַבאַד. ווילנע איז געבליבן זיך געטריי אפילו אין איר זייער פאַרקריפּלטן און גרויזאַמען לעבן אין די געטאָ־יאָרן. די לעצטע „פאָלקס־געזונט״ איז פאָרגעקומען אין די לעצטע שווערע וואָכן פון געטאָ, ווען אין דער לופט האָט געשוועבט ליקווידאַציע און דער טויט איז געשטאַנען פאַר די אויגן...

---

אַ באַזונדער פּראָבלעם פאַר זיך איז געווען דאָס שאַפן אַן אַפּטייק פאַרן געטאָ. מיר האָבן געהאָפט, אַז אין געטאָ וועט אַריין פרומקינס אַפּטייק אויף דייטשער 23. דער הויף איז אָבער אין 1941 נישט אַריין אין געטאָ. אונזער אינטערווענץ ביי דער ליטווישער געזונטהייטס־מאַכט אַריבערצופירן פרומקינס אַפּטייק אין געטאָ מיט אונזערע קרעפטן איז געבליבן אָן דערפאָלג. נאָך מער, אין אַ גוטן פרימאָרגן אין 1941 איז געקומען אַ קאָמיסיע בראש מיטן ליטווינער דער פאַשיסט ד״ר קאַצענאַס (דער זעלבער ד״ר קאַצענאַס הויפּט־דירעקטאָר פון שטאָטישן עפּידעמישן שפּיטאָל האָט נישט נאָר נישט אַריבערגעפירט די 34 יידן קראַנקע אויף פלעקטיפוס, וועלכע זיינען געווען אין שפּיטאָל ביים אָנקומען פון די דייטשן, נאָר אויך פאַרבאָטן די פּוילישע דאָקטוירים צו געבן זיי מעדיצינישע הילף און אויך איבערגעלאָזן די קראַנקע אויף אַ הונגער־דיעטע. קיינער פון זיי איז אין געטאָ נישט אַריין. דער גורל זייער איז קלאָר, — די ידיעות האָב איך באַקומען פון מיינעם אַ פריינט, אַ פּוילישן דאָקטאָר, וועלכער האָט דאַן געאַרבעט אין שטאָטישן עפּידעמישן שפּיטאָל) און אַרויסגעפירט פון געטאָ־שפּיטאָל פון אַפּטייק אויף אייניקע פורן — פאַרבאַנד־מאַטעריאַלן, וואַטע און געוויסע מעדיקאַמענטן. אַזוי אַרום איז נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי שאַפן די אַפּטייק פאַרן געטאָ אין דער אַפּטייק פון יידישן שפּיטאָל. שאַפנדיק אַ ספּעציעלן פונקט אויסערן שפּיטאָל, אויף שפּיטאָל־גאַס 6, כדי אָנצונעמען די רעצעפּטן און אַרויסגעבן רפואות. די לייטונג פון אַפּטייק האָט גענומען אויף זיך מאַגיסטער טשעסלי, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן און ריזיקאַלישע ענערגיע ביים אַריינשמוגלען און שאַפן פאַר דער געטאָ־אַפּטייק נויטיקע מעדיקאַמענטן און מאַטעריאַלן. אין דער אַפּטייק האָבן מיטגעאַרבעט מאַגיסטער פרומקין, פּראָוויזאָר זיני, מאָלטשאַדסקי, פרוי אסתר צוקערזיס א. אַנד. אין אַפּטייק־פונקט האָט מיטגעאַרבעט אפרים קאַראַבטשינסקי (געוו. אַדמיניסטראַטאָר אין „משמרת חולים״).

חוץ דעם פלעגן אין אַפּטייק ברענגען מעדיקאַמענטן די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דייטשע לאַזאַרעטן, מעדיקאַמענטן־סקלאַדן א. אַנד. אָפּטמאָל אומזיסט, טיילמאָל פאַר געלט. דאָך האָבן אין געטאָ־אַפּטייק אויסגעפעלט פאַרשידענע מעדיקאַמענטן און עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ שטרענגע שפּאָרזאַמקייט ביים אַרויסגעבן רפואות.

* * *

אַ וויכטיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט האָט דורכגעפירט אין געטאָ פרוי ד״ר ראָזאַליא שאַבאַד־גאַווראָנסקא, לייטערין פון דער קינדער־אויפזיכט אָפּטיילונג ביים געזונטהייטס־אַמט. שוין אין אָנהייב פון געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אַ קינדער־קיך (אָנפירערין פרוי שפּויה (סטעפאַניע) שאַבאַד, אלמנה פון ד״ר צמח שאַבאַד, וועלכע איז זַ שטערבלעך קראַנקע געבליבן אין געטאָ־שפּיטאָל ביי דער ליקווידאַציע), דאָרט האָט אויך מיטגעאַרבעט די באַוווּסטע פּעדאַגאָגין אננא וויגאָדסקאַ. מיט פיל ליבע צו קינדער, ווי שטענדיק פאַרן געטאָ, האָט דאָרט געאַרבעט די שוועסטער הנה סאַפּיר־שפּיז, וועלכע איז געווען באַשעפטיקט פאַר דער מלחמה אַלס ווירטשאַפטס־שוועסטער אין זויג־היים פון „טאָז״. פיל אומפאַרמעגלעכע קינדער, איבערהויפּט פון די שולן פלעגן דאָרט באַקומען טעגלעך צום עסן.

חוץ דעם איז געשאַפן געוואָרן אַ מילך־פּונקט, וווּ מען פלעגט פאַרטיילן מילך פאַר די קליינע קינדער. די מילך פלעגט מען אַריינשמוגלען אין געטאָ אויף פאַרשידענע אומלעגאַלע וועגן. גרויס ענערגיע ביי דעם האָט אַרויסגעוויזן פרוי ד״ר ר. שאַבאַד־גאַווראָנסקא.



אַ פראַגמענט פון חורבן שטאָט־שול־פּאָסאַד.

[אַנטקעגן־הויפּט־אַריינגאַנג אין דער גרויסער שול; רעכטס – האַלב־רונדער אַריינגאַנג אין פּאָליש; לינקס – דער כּיור]

ביי דער קינדער־אפטיילונג איז געשאפן געווארן א קינדער־קאנסולטאציע אונטער דער לייטונג פון באוווסטן קינדער־ספעציאליסט ד״ר לאזאר פינקלשטיין. אין דער קאנסולטאציע האט מיטגעארבעט פרוי ד״ר ר. אלק־פערגאמענט און פרוי ד״ר פייגעלסאן. די קאנסולטאציע האט געהאט אונטער איר אויפזיכט אלע קינדער ביז 7 יאר.

אלס א וויכטיקע און זייער גרויסער ארבעט אין דער קינדער־אפטיילונג מוז איך דא אונטערשטרייכן די ארבעט פון שול־מעדיצין־צענטער, וועלכער האט געהאט אונטער זיין אויפזיכט די גאנצע שול־יוגנט אין געטא. אנגעפירט מיטן צענטער האט ד״ר מארק דווארזשעצקי, מיטגעארבעט — די שטענדיקע ענערגישע שול־שוועסטער שפרה טייטל־גרענאדער (לאנגיאריקע שול־שוועסטער פון יידישן שול־וועזן אין ווילנע פאר דער מלחמה).

* * *

א פאר ווערטער דארף מען זאגן וועגן דער שטערבלעכקייט אין געטא. הונגער און קעלט, זייער שווערע וווינונגס־באדינגונגען, שווערע ארבעט, און נאך שווערערע מאראלישע ליידן האבן געבראכט צו א פארגרעסערונג פון דער שטערבלעכקייט. ביי דער פארקלענערטער יידישער באפעלקערונג איז אין געטא געווען כמעט אזוי פיל לוויות, ווי געוויינלעך פאר דער מלחמה (לויט די ידיעות פון פארוואלטער פון דער בית־עולם־אפטיילונג פלאקס, וועלכער האט אויך אנגעפירט מיט דער זעלבער אפטיילונג אין ווילנער קהילה). אין אלגעמיין האט זיך די שטערבלעכקייט געוואקסן פון 3 ביז 5 מענטשן א טאג.

אינטערעסאנט איז אויך צו אונטערשטרייכן די קליינע צאל פון פסיכישע קראנקייטן און איבערהויפט די נישטיקע צאל זעלבסטמארדן, בעת דער אקופאציע־צייט, פארן געטא און בעתן געטא.

אלץ, וואס איך גיב איבער איז צונויפגעשטעלט פון זכרון. דאס איז א בילד פון דעם, וואס עס האבן אויפגעטאן ביי א 130 יידישע דאקטוירים (צוזאמען מיט די עטלעכע צענדליק פליטים פון ווארשע, לאדזש און קאוונע), ביי א הונדערט יידישע שוועסטער, כאניטארינס און מעדיציניש ארבעטער אין ווילנער געטא. זייער איבערגעגעבענע אפפערווילליקע ארבעט האט געשטארקט דעם ווידערשטאנדס־כוח פון יידישן ארבעטס־מענטש, האט אים מערהייט פון געפערלעכע אנשטעקנדיקע קראנקייטן, פארבעסערט זיינע לעבנס־באדינגונגען און די ריינקייט אין געטא, נישט דערלאזנדיק די שטערבלעכקייט זיך צו הייבן אויף הויכע ציפערן, און אויף אזא אופן פארלענגערט זיינע לעבנס־מעגלעכקייטן. גאר די אומדירעקטע אויסערלעכע באדינגונגען, קאנצענטראציע־לאגערן, שווערע עפידעמיעס אין זיי און דירעקטע פארניכטונג האט געבראכט די יידישע באפעלקערונג פון ווילנע נאך דער ליקווידאציע פון געטא צום כמעט אבסאלוטן אונטערגאנג. פון 70 טויזנט ווילנער יידישע איינוווינער זיינען פארבליבן ביי א צוויי טויזנט מאן, פון זיי עכטע ווילנער ביי א 450 מאן. פון 130 יידישע דאקטוירים זיינען פארבליבן ביי 12 מאן אין ווילנע און געציילטע חברים און חברטעס אין פארשידענע קאנצענטראציע־לאגערן, ווי אויך געציילטע שוועסטער.

אזוי האט געלעבט און געקעמפט די יידישע ווילנע, ירושלים דליטא, אזוי איז זי אונטערגעגאנגען.

חיים גראַדע

# אין שטאָט־שול

(פון דער פאָעמע „ווילנע“)

אין שטאָט־שול אויפן מאַרמאָרנעם בײַלעמער
יושקעוויטש שטייט, דער ווילנער שטאָט־ספּיראָסטע,
די זון פאַרגייט, און אין די ווינקלען דעמערט,
אין ווייבער־שול די קראַטעס די פאַראָסטע
אין שקיעה לויכטן, ווי א גאָלד־געפלעכט,
ווי סיוואָלט אַ כלה רייך זיך אויסגעשטייערט,
נאָר פון די אויגן קוקן שוואַרצע נעכט;
די מעשענע פאָרענטשן ביי די טרעפ
די ברייטע — שימערן מיט קאַלטן פייער,
און אויפן אָרון־קודש לייבן־קעפ
פאַרגליווערט איינער אויפן צווייטן קוקן,
זיי גיסט זיך פון די מיילער — בלוט פון שקיעה;
דער אָדלער קאָן נישט מער זיין רויב פאַרצוקן,
ער קאָן נישט פון זיין אָרט אַרונטערפליען;
דער הירש וויל דורכהאַקן מיט זיינע הערנער
דעם שול־געוועלב; נאָר דער סופיט צו הויך איז,
און סיפיקט שוין נישט די ווייסע טויב, ווי קערנער
די אותיות פון דעם גילדערנעם פרוכת.

פאַרשטומט, פאַריתומט הענגען די כלי־זמר,
ווי אויף אַ קבר — פידל, פויק און פלייט;
די זון פאַרגייט, און אין די ווינקלען דעמערט,
אין ווילנער אַלטער שול די זון פאַרגייט,
אויף דעם באַלעמער דער סטאַראָסטע שטייט,
און נעבן אים — דער פרנס פון דער שטאָט
אין שוואַרצן ראָק און גלאַנציקן צילינדער:
יושקעוויטש שטייט ווי אויף אַן עשאַפאָט
אַ ריכטער — און עס בעט ביי אים גענאָד
די קהילה פאַר די ווייבער און די קינדער!

און אָנגעוואָרפן זיינען אויפן טיש,
פרוכתן און שטאָפן — גאַנצע שטויסן,
זיי מיניען זיך אין פאַרביקן געמיש
פון זון־פאַרגאַנג, וואָס שלאָגט אַריין פון דרויסן.
אויך דער סטאַראָסטע איז דערשטוינט, ער טאַפּט
די שטאָפן ווי פון שטראַלן אויסגעוועבטע,
די אותיות, דין פון זילבער אויסגעקלאַפּט,
צעפינקלען זיך, ווי אויגן אויפגעלעבטע.
און סיטוט אויף אים אַ ווײַ די אַלטע פראַכט
פון טונקל־בלויען סאַמעט, דעם צעשטראַלטן;
— סיאיז אמת — טראַכט ער — אַ געהיימע מאַכט
ליגט אין די ענגע געטאָ־ווענט באַהאַלטן.
די שטראַלן ברעכן זיך מיט ווײַטיק איבער
אין דעם בראָקאַט און ווילן דאָך נישט שטאַרבן,
דער סאַמעט־בלוי האָט אויפגעלעבט און פיבערט,
עס טוליען זיך ווי נאַקעטע די פאַרבן.

עס גלעקלט שווער אַ ספר־תורה־כתר,
אַרומגעזעצט די קרוין איז מיט טאָפּאַזן;
— די קרוין איז פון אַ תורה, וואָס איז גרעסער
פון „ווילנער באַלעבעסל“, יענער חזן,

װאָס האָט די תורה מיט דער קרוין געטראָגן
אַרום דער בימע פאַרן גרויסן עולם, -
דערוועגט זיך מאיר־לייב דער שמש זאָגן
דעם גאַסט, און קוקט הכנעהדיק אין מויל אים.
דער שמש וויל דעם „פאַנס" געדאַנקען טרעפן;
צי ווייסט ער, אַז אין שטאָט־חזן דעם פרומען
פאַרליבט האָט זיך אַמאָל אַ גרויסע גרעפין,
פאַרלאַנגט, עס זאָל צו איר דער חזן קומען.
און ווייל זי האָט אים זינדיקן געצוואונגען,
איז ער פאַרזונקען אין אַ מרה־שחורה,
און מער האָט שוין דער חזן נישט געזונגען
באַהאַרצט און זיס, אַזוי ווי סיוואָלט געקלונגען
אויף זיינע הענט — אַ קינד, דער כתר־תורה...

נאָר גאָרנישט ווייס פון דעם, ווייזט אויס, דער שררה,
ער רירט קוים אָן די מענטעלעך די קלאָרע.

— דאָס גאָלד, — דערציילט דער שמש זיין סטאַראָסטע,
וואָס קוקט אויף אים אַ זייטיקער, אַ פרעמדער:
געשאָנקען האָבן רייכע באַלעבאָסטעס,
און סיהאָבן ווייבער אָרעמע און פּראָסטע
געגעבן שטאָף אויף ספר־תורה־העמדער. —
דער שמש ווייזט אים גרינע „בשמים־ביקסן",
און „זילבער־ידן", גלייך ווי הענט פאַרקראַמפטע,
אַלץ גלימצערט, ברענט ווי האָרבסטיקע געוויקסן,
און ווי אין פרילינג־טויען אויסגעדאַמפטע.
אַדורך די פענצטער ציטערט און זיך לעשט
אַ לעצטער שטראַל און פאַלט צו צו אַ שטענדער;
אין שול איז טונקל, סיפינקלט נאָר דער מעש,
און אויף דער בינע גלאַנצן די צילינדערס.

דער שמש קלייבט אויס פון דעם גאַנצן פאַק
פּרוכתן אַ שטיק און ציילט די אותיות:
— אָט דער, — זאָגט ער צום פרנס: אַזוי גרויס איז:
דריי הונדערט דריי און דרייסיק יאָר „לפ"ק".

דער פרנס פון דער יידישער קהילה,
דער אַקושערן־דאָקטאָר, שטרענג און גרוי,
זאָגט שטאָלץ, באַטש מיט אַ שטים אַ שטילע:
— די אַלטע שול איז דאָך נישט אַלט אַזוי
ווי די געמיינדע אונזערע אין שטאָט,
מיר וווינען אַזוי לאַנג דאָ ווי פּאָליאַקן, —
מען וועט אונז נישט פאַרטרייבן מיט „באָיקאָט",
מען וועט אונז נישט דעם קאָפּ אַרונטערהאַקן!
נאָר סישטייט דער גאַסט ווי אויף אַן עשאַפאָט
אַ ריכטער מיט אַ האַרטן שטייפן נאַקן,
און סיטוט אַ שמייכל קאַלט דער הויכער הער:
— די שול איז גרויס, דאָך קלייבט זיך דאָ געדיכט
די פינצטערניש... עס אָטעמט זיך דאָ שווער,
אין סינאַגאָגע פעלט, הער דאָקטאָר, ליכט...

טוט יעקב עמדען, דער קהילה־פרנס
אַ ווונק צום שמש בלויז — און אומגעריכט
צעלויפן זיך די שאָטנס, ווי די סאַרנעס,
די גרויסע שול פאַרגאָסן ווערט מיט ליכט.

עס גיסט זיך העלער שײַן פֿון הונדערט לייכטער,
פֿון קופּער־קאַנדעלאַברעס בײַם סופֿיט,
ווי דורך אַ שלייער אַ געפּערלט־פייכטער,
שוואַרצאַפּלען וואָלטן פריידיק אויפגעגליט.
שײַן פּלייצט דער לאָמפּן־שײַן פון אַלע ווינקלען,
און אין די מאַרמאָר־זײַלן — די געוועבן
פון אָדערן, ווי שלאַנקע לייבער פינקלען,
ווי סיוואָלט אין זיי געריזלט זאַפט פון לעבן.
ווי סיוואָלט די כלה אויסגעטאָן איר טיול
און זיצט אַן אויפגעשטראַלטע אויף איר שטול —
האָט אויפגעשטראַלט און לויכט די אַלטע שול.

אין די געוועלבן בײַ אַ זײַל שטייט רענדלער,
דער קליינער עמיגראַנט פון נירנבערג, —
זער קונסט־בילזער־ און אַנטיקוואַרן־הענדלער
אין ווינקל שטייט פון קיינעם נישט באַמערקט.
פאַרטרויערט קוקט ער אויף דער אָרנאַמענטיק,
ווי ער געוועזן וואָלט אַליין דער מייסטער,
וואָס האָט דאָס אויסגעפורעמט אייגנהענטיק,
און איז אַצינד באַהערשט פון בייזע גייסטער;
דער קליינער עמיגראַנט פון נירנבערג
זעט אויס צופוסנס פון דעם זײַל נאָך קלענער;
— אָ, גאָט, סיאיז אין געפאַר דאָס גרויסע ווערק,
און דאָס פאַרשטייען נישט די קלוגע זענער.
ער האָט געזען שוין ווי די חיה שפּאַנט,
עס דאַרפן אַלע זײַער היים פאַרלאָזן,
ווי הירשן, ווען אין גרינעם זומער־לאַנד
פאַלט אויס אַ שניי און טויט די גראָזן:
די הירשן וואַנדערן דורך נעכט און טעג,
באַלאַגערטע דורך רויב־חיות און יעגער,
ביז זיי דערגרייכן נאָך אַ לאַנגן וועג
צו קלאָרן טײַך און רויקן געלעגער.
ער הערט שוין פּרייסישע סאָלדאַטן־טריט,
און ווייסט: סיאיז וואָר, סיאיז נישט קיין אַנגסט
און פיבער,
די יידישע געמיינדע גלויבט אים נישט,
און מיינט, עס וועט די טויט־געפאַר אַריבער.
אים גלויבן אויך נישט די געפּרוווטע פּליטים,
וואָס לעבן אויף געשענקטן ברויט און העמדער, —
אָט זעט ער, רויק שפּרייזט דער גאַסט דער פרעמדער,
און עמדען אַ צופרידענער באַגלייט אים.

די אײַזערנע געשמידטע טיר בלײַבט אָפן,
דער לעצטער אויף די שטיגן בלײַבט אַליין
דער קונסט־הענדלער פון נירנבערג אַנטלאָפן,
און שעפּטשעט: גאָט, דאָס אַלץ וועט אונטערגיין?!..



די שטאָט־שול פאַרן חורבן

ע. גערשאַטער

# אויף יענער זייט געטאָ

אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען די באַציונג צו אונז מצד דער אַרומיקער וועלט. ווען מען זאָל פרעגן ביי די ווילנער, וואָס האָבן איבערגעלעבט דאָס געטאָ: „ווי האָבן זיך באַצויגן די אַרומיקע קריסטן צו אונזער אומגליק?״ — וועלן די ענטפערס אויספאַלן זייער פאַרשידן און זייערע איבערגעגעבענע איינדרוקן וועלן זיין אַזוי סתירותדיק, אַז מען וועט זיך בשום אופן נישט קאָנען שאַפן קיין איינהייטלעכן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן דעם ענין. מען קאָן בשום־אופן נישט זאָגן, אַז די אַרומיקע באַפעלקערונג האָט זיך באַצויגן צו אונז גוט, ערלעך און אונז מיטגעפילט. מען קאָן אָבער פון דער אנדערער זייט אויך נישט זאָגן, אַז דער גאנצער ארום איז געווען צו אונז דורכויס שלעכט; מענטשן זיינען דאָך פאַרשידן, און דעריבער איז די באַציונג צו אונז אויך געווען אַ פאַרשידענע. ווען מען זאָל דאָך וועלן מאַכן אַן אַלגעמיינעם אויספיר און ענטפערן אויף דער פראַגע קאַטעגאָריש „ניין״, וועלן מיר מוזן סומירן אַלע באַקאַנטע איינצל־פאַלן און באַטראַכטן זיי ווי סטאַטיסטישע דאַטן, כדי אַרויסצופירן אַ רעזולטאַט פון אַ כמו דורכגעפירטער אַנקעטע.

* * *

אונזערע איינדרוקן פון דער באַציונג צו אונז מצד דער אַרומיקער וועלט האָבן מיר, ווילנער יידן, באַקומען אין די פאַרשידענע פעריאָדן פון אונזער אומגליק גענוג פאַרשידנאַרטיק...

מיר וועלן נאָטירן לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר. קודם־כל מוז מען גלייך פון אָנהייב אַרויסטיילן די צוויי הויפּט־עלעמענטן פון דער ווילנער אַרומיקער באַפעלקערונג: פּאָליאַקן און ליטווינער, אָפּהאַלטנדיק זיך ביים איבערגעבן די פאַקטן פון אָפּשאַצונגען. אויסער די צוויי הויפּט־עלעמענטן — פּאָליאַקן און ליטווינער — זיינען נאָך געווען ווייס־רוסן און אַ קליינטשיק הייפל קאַראַימער.

24־טער יוני 1941 —

די דייטשע באַנדעס האָבן אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט. דאָס רוב אויף מאָטאָציקלען.

נעכטן נאָך זיינען יידן, איבערהויפּט די יוגנט, מאַסנווייז אַנטלאָפן פון שטאָט מיט אַלע וועגן אויף מזרח; פיל פון די שכנישע קריסטן האָבן זיך צוגעקוקט צו דער פּאַניק־סצענע גאַנץ רויק. הגם די גרוסן פון דעם אָקופּירטן פּוילן זיינען נישט געווען אַזעלכע דערפרייענדיקע פאַר זיי, האָבן זיי דאָך איז דער מערהייט אָפּן אַרויסגעוויזן אַ געוויסע צופרידנקייט מיטן אָנקומען פון די דייטשן. די קרייזן, וואָס זיינען געווען פאַרסמט מיטן אַלטן „סאַנאַציע״־גיפט, האָב נישט געקאָנט מוחל זיין דעם ראַטנפאַרבאַנד די מעשה — ווילנע. דאָס איז געווען דער הויפּט־מקור פון דער נעגאַטיווער באַציונג צום ראַטנפאַרבאַנד. אָבער ווען אויפן צווייטן טאָג האָבן די דייטשן פאַרנומען די ערשטע 90 ערובניקעס (60 יידן און 30 פּאָליאַקן) און מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז באַקאַנט געוואָרן (אומאָפיציעל) אַז אַלע זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן, האָבן שוין די מיושבדיקערע און קולטורעלערע עטוואָס געביטן זייער באַציונג. זייער התפעלות פאַר די שנעלע זיגער איז אַ ביסל אָפּגעקילט געוואָרן. דער קריסטלעכער המון אָבער אַנטציקט זיך ווייטער מיטן שיינעם דייטשן געווער.

עס הייבן זיך אָן פינצטערע טעג פאַר יידן...

פּאַרלויפּיק זיינען פאַרבליבן קאַרטלעך אויף ברויט און פּראָדוקטן. קומט אַ ייד אין מלוכהשן שפּייז־פאַרקויף־פּונקט נאָך ברויט (פּריוואַט צו קויפן קריגט מען נישט) ווערט ער אַרויסגעוואָרפן פון דער לאַנגער ריי. קיינער פון די קריסטן אין דער ריי פּרוווט זיך נישט אָננעמען פאַר אַ יידן, נאָר פאַרקערט, מען העלפט נאָך אַליין אויסזוכן די יידישע פרויען (די מאַנצבילן האָבן צוליב די „כאַפּונעס״ בכלל זיך נישט געוויזן אין גאַס) און מיט געוואַלד זיי אַרויסשטופן. אמת, אַז ווייט נישט אַלע קריסטן פון דער ריי פלעגן נעמען אַן אָנטייל אין דער דאָזיקער אַקציע. אַ פאַקט איז אָבער אויך, אַז קיין פּראָטעסט האָט מען פון קיינעם נישט געהערט. ערלעכע פּוילישע שכנים פלעגן בשתיקה נעמען ביי זייערע יידישע שכנים די ברויט־קאַרטלעך און באַקומען אויף זיי ברויט צוגלייך ווי אויף די אייגענע. אין זייער אַ סך פאַלן איז עס געלונגען די ערשטע טעג, ביז די פאַרקויפערס (כמעט אַלע ליטווינער) האָבן זיך אַרומגעזען אויף דעם „שווינדל״, און אָנגעהויבן בודק־זיין די קאַרטע פון יעדער קויפער.

אָנהייב יולי 1941 —

דער פעריאָד פון די „כאַפּערס״: ליטווישע באַנדיטן, מונדירטע און ציווילע, גייען איבער די הויפן, רופן אַרויס די הויז־וועכטערס און הייסן אָנווייזן, ווו עס וווינען יידן. מען פירט אַוועק די מאַנצבילן אַזוי ווי זיי שטייען און גייען, און מער קומען זיי שוין נישט צוריק.

זעלטן ווען אַ ייד באַהאַלט זיך אויס ביי זיין קריסטלעכן שכן. די סיבה איז אַ צווייאיקע: ערשטנס — נישט יעדער קריסט איז מסכים צו טאָן אַ יידן אַזאַ טובה און צווייטנס (מען מוז מודה זיין, אַז דאָס איז די וויכטיקערע סיבה), דער קריסטלעכער שכן, וואָס איז שוין יאָ מענטשנפריינטלעך, האָט פשוט מורא עס צו טאָן. די מורא איז ווידער אויך אַ צווייאיקע: א) פאַר די דייטשן און ליטווינער, וועלכע קאָנען עס אַליין אַנטדעקן און ב) פאַר אַ מסירה מצד שלעכטע שכנים.

דאָך האָבן זיך אין ווילנע געפונען פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון העלפן אַ יידישן פריינט, איינשטעלנדיק זייער לעבן. אָבער דער פּראָצענט פון אַזעלכע פיינע גייסטער איז נישט געווען קיין גרויסער. די הויף־סטרוזשעס, וועלכע האָבן דעמלט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע, האָבן דאָס רוב אַרויסגעוויזן גלייכגילטיקייט און טייל אַפילו בלוט־דורשטיקייט, צוהעלפנדיק די כאַפּערס אין זייער אַר־

בעט. דאָך זיינען באַוווסט איינצלנע פֿאַלן, ווען הויז־וועכטער האָבן זייער אַ סך איינגעשטעלט, כדי צו ראַטעווען עמעצן פֿון זייערע יידישע שכנים.

סעפּטעמבער 1941 —

ווילנער יידן ווערן פֿאַרטריבן: טייל אין געטאָ און טייל אין פּאָנאַר. גלייך פֿון אָנהייב זיינען די כאַפּערס געווען כמעט אויסשליסלעך ליטווישע באַנדיטן. זיי זיינען עס די פּליסיקע אויספֿירער פֿון „דייטשן" ווילן. ווען עס קומט די צייט פֿון גיין אין געטאָ, ווערט די עובֿדא פֿון די ליטווישע פֿאַשיסטן נאָך בלוטיקער. זיי פֿירן די יידן אין געטאָ, און די וואָס זיי פֿירן אויף פּאָנאַר, דערמאָרדן זיי אייגנהענטיק. בכלל האָבן זיי אין ווילנע געשפּילט די בלוטיקסטע ראָל. די ליטווישע פֿאַשיסטן זיינען געווען די וועלף, די רויב - חיות, וואָס די דייטשן האָבן אויף די יידן אָנגערייצט. מען האָט ווייניק געהערט וועגן ליטווינער, וואָס זאָלן אַרויסווייזן מענטשנפֿריינטלעכקייט צו יידן, אויב מען זאָל נישט רעכענען ממש איינצל־פֿאַלן.

לויט די דערציילונגען פֿון יידן, געראַטעוועטע דורך פּאָליאַקן, קאָן מען קאָנסטאַטירן, אַז די באַציונג פֿון די פּאָליאַקן איז געווען אַן אַנדערע. אַלס ביישפּיל וועלן מיר ברענגען בלויז איניקע פֿאַלן. די ווילנער לערערין זלאַטע קאַטשערגינסקי — בורגין איז געראַטעוועט געוואָרן דורך דער משפּחה פֿון באַקאַנטן ווילנער פּראָפֿעסאָר טשעזשאָווסקי; זיין פֿרוי האָט זי צוגענומען צו זיך ווי אַ דינסט און זי אויסגעהאַלטן ביז דער באַפֿרייונג.

דער הויז־וועכטער פֿון בונימאָוויטשעס הויף אויף דייטשע גאַס 22 האָט אַ לענגערע צייט (די ערשטע חדשים פֿון געטאָ) אויסגעהאַלטן ביי זיך אין הויף, אין אַ פֿאַרמאַסקירטער דירה, אַ גרעסערע גרופּע יידן. אַזעלכע הויז־וועכטערס זיינען געווען אין ווילנע אַ געוויסע צאָל. איבערהויפּט — מענטשן פֿון עלטערן דור. אַזוי למשל האָט די הויז־וועכטערין פֿון אַזיקס אייגענעם הייפֿל אויף פּאָנאַרסקע גאַס (אַמאָל: פּאָלטאַווסקע) אויסבאַהאַלטן כמעט אַ גאַנץ יאָר איר באַלעבאָס, אַן עלטערן ייד פֿון אַ יאָר 75 מיט זיין ווייב און טאָכטער, מיט איר חתן. די קריסטלעכע שכנים פֿונעם הויף האָבן איינגעהאַלטן דעם סוד ביז אַ חודש פֿאַר דער באַפֿרייונג. לסוף האָט איינער פֿון די קריסטלעכע שכנים, אָנשיכורנדיק זיך, געמסרט די הויז־וועכטערין אין דער געשטאַפּאָ. אַזיק מיט זיין פֿרוי זיינען געכאַפּט געוואָרן, און זייער טאָכטער מיט איר חתן צוזאַמען מיט דער הויז־וועכטערין האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצושפּרינגען דורך אַ פֿענצטער און אַנטלויפֿן.

אין די ערשטע טעג פֿון געטאָ האָט מיר דער באַקאַנטער ווילנער דאָקטאָר א. גאָלדבורט דערציילט, אַז אים האָט מען געבראַכט אין געטאָ נישט פֿון דער היים, נאָר גייענדיק פֿון אַ קראַנקן, האָט מען אים אין גאַס געכאַפּט, און ווי ער שטייט און גייט אַריינגעוואָרפֿן אין געטאָ. אַז אים האָבן זיין פֿרוי און קינד נישט באַוויזן מיטצונעמען קיין זאַך פֿון שטוב, און ער איז געבליבן אַפֿילו אָן אַ גראָשן אין טאַש. שוין דעם ערשטן טאָג איז זיין לאַגע געווען אַן אויסגאַנגסלאָזע. איז אים איינגעפֿאַלן צוויסן געבן וועגן דעם גלח פֿון קלויסטער „אַלע הייליקע", ביי וועלכן ד"ר גאָלדבורט איז אַ ריי יאָרן געווען הויז־דאָקטאָר. דער גלח האָט אים תיכף אַריינגעשיקט דורך אַ ספּעציעלן פֿאַרטרויונגס־מענטשן אַ מיטאָג פֿאַר דער גאַנצער משפּחה, און פֿון דעם טאָג אָן אָרגאַניזירט דאָס רעגולערע צושטעלן אים שפּייז.

בכלל האָט דער קלויסטער „אַלע הייליקע" (וועלכער געפֿינט זיך איבערן גאַס אַנטקעגן דעם געטאָ־טויער) געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לעבן פֿון געטאָ. מען האָט דערציילט אין שטאָט, אַז דער דערמאָנטער גלח איז פֿאַר זיינע הומאַניטאַרע מעשים לגבי יידן לסוף אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון די דייטשן. איז באַשטימט געוואָרן אויף זיין אָרט אַ צווייטער. איז אָבער „דאָס עסק נישט געראָטן". דער נייער גלח איז געווען נאָך פֿיינער פֿון דעם ערשטן. ער פֿלעגט זיך באַמיען אַריינצושיקן אין געטאָ ברויט נישט מיט פּעקלעך און קוישן, נאָר טאַקע מיט וועגענער. אָבער לאַנג האָט עס, פֿאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט אָנהאַלטן.

די יידן פֿון געטאָ האָבן אַ סך האָפֿענונגען געלייגט אויף דעם קלויסטער „אַלע הייליקע" און פֿיל פּראָיעקטן זיינען פֿאַרבונדן געווען מיט דעם קלויסטער. פֿון הויף רודניצקער גאַס 27, וואָס אַנטקעגן דעם קלויסטער, האָט אַ גרעסערע גרופּע יידן געבויט אַן אונטערערדישן טונעל, וואָס האָט געפֿירט טיף אונטער די קאַנאַליזאַציע־רערן אַזש ביז אין די טיפֿע אונטערערדישע היילן פֿונעם קלויסטער. דורך דעם וועג זיינען יידן אַנטלאָפֿן פֿון געטאָ. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט נישט געקאָנט געשען אָן דעם וויסן פֿון די גלחים.

דער גלעזער עלציק קאָפּאַנסקי האָט פֿאַר זיך מיט זיין משפּחה אויפֿגעבויט אַ „מעלינע" אין זיין אייגענער דירה אויף רודניצקער 23. דאָס איז געווען אַ פֿאַרמאַסקירט, שמאָל און זייער טיף קעלערל אונטער אַן אויוון. דאָרט איז ער מיט דער משפּחה אָפּגעלעגן העכער 10 חדשים (פֿון דער ליקווידאַציע ביז דער באַפֿרייונג). די גאַנצע צייט האָט דער הויז־וועכטער פֿון דעם הויף איינגעקויפֿט פֿאַר זיי שפּייז.

* * *

וועגן אַן איינציקן פֿאַל פֿון הומאַניטאַרער האַנדלונג מצד אַ ליטווינער קאָן איך אַליין עדות זאָגן. דאָס איז געווען נאָך דער ליקווידאַציע פֿון ווילנער געטאָ. אין משך פֿון 6 חדשים און צום סוף, האַרט פֿאַר דער באַפֿרייונג, בין איך אויסבאַהאַלטן געוואָרן דורך מיינעם אַ פֿריינט — אַ ליטווינער (אין ווילנע אויף סאַדאָווע גאַס 9). זיין נאָמען איז אַנטאַנאַס פּאָשקאַ — אַ ליטווישער שרייבער און וויסנשאַפֿטלער, און דאַן איז געראָד געווען דער געפֿערלעכסטער פּעריאָד פֿון דייטשן טעראָר, ווען ווילנע איז שוין געווען באַצייכנט אַלס „יודן־ריין".

אַ צווייטן פֿאַל וויסן מיר פֿון נאָך אַ ליטווינער אין ווילנע מיטן נאָמען רוזגיס, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן גענוג הומאַניטאַרישקייט ביים אויסבאַהאַלטן און אַרויסראַטעווען פֿון געטאָ אַ גרעסערע גרופּע יידן. ווייטער איז באַקאַנט די אויסערגעוויינלעכע האַלטונג פֿון דער ליטווישער שרייבערין שימאַיטע, וועלכע האָט געראַטעוועט אַ סך יידן און צוזאַמען מיט די יידן איבערגעלעבט דעם גרעסטן צער.

* * *

אין אַלגעמיין גענומען זיינען געווען גאָר אַ היפּשע צאָל פֿאַלן, ווען פּאָליאַקן פֿון די פֿאַרשידנסטע געזעלשאַפֿטלעכע שיכטן האָבן אַרויסגעוויזן עכטע

מענטשנפריינטלעכקייט לגבי ייִדן אין יענער צייט. אונזער פריינט אינזש. יאפּע אין זיין אַרטיקל „על פּי נס" ברענגט אַ גרעסערע רשימה פֿון אַזעלכע פֿאַלן.

איך וואָלט נאָך וועלן לסוף דערמאָנען צוויי פּוילישע פרויען פון דער אַריסטאָקראַטיע. איך וואָלט זאָגן, אַז דאָס זיינען פשוט נשים צדקניות אין בוכשטעבלעכן זין פֿון וואָרט: פרוי מאַריאַ פעדעצקאַ (פאַרנעמט אַ הויכן און פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין פּוילישן רעגירונגס־אַפּאַראַט) און פרוי מאַרילע אַבראַמאָוויטש — וואָלסקאַ (געוועזענע לעקטאָרין פון שפּראַכן אין ווילנער אוניווערזיטעט, איצטער — פּוילישער קאָנסול אין רוים). וועגן זייערע אָפּפערוויליקע מעשים לטובת ייִדן דאַרפן געשריבן ווערן באַזונדערע ברייטע און געטרייע אָפּהאַנדלונגען. זיי זיינען געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנקעס אין די וועלדער, און אויסער פּערזענלעכער מי און מיטאַרבעט אונטערשטיצט אָפילו מיט גרויסע מאַטעריעלע מיטלען. ווען נאָר אַ ייִד האָט געקאָנט אַנטלויפן פון געטאָ, און ער האָט זיך געווענדעט צו איינער פון זיי נאָך הילף, איז פאַר אים אַלץ געטאָן געוואָרן, כדי אים צו פאַרזיכערן מיט ברויט און מיט אַ זיכערער באַהעלטעניש.

איך דערמאָן זיך דעם מאָמענט, ווען איך בין אַנטלאָפן פון אַן אַנטדעקטער „מעלינע" אויפן שטח פון געטאָ, 19 טעג נאָך דער ליקווידאַציע. איך בין אַוועק אין אָוונט דורך די פינצטערע גאַסן צו פרוי מאַרילע אַבראַמאָוויטש (אויף גר. פּאָהולאַנקע). אירע אַ חברטע האָט מיר געעפנט די טיר, זיך געקווענקלט און מיך ענדלעך אַריינגעלאָזן. איך האָב געוואַרט ביז מאַרילע (ווי מיר פלעגן זי היימיש רופן) איז געקומען. זי האָט מיך די ערשטע רגע נישט דערקענט (אַ קורצזיכטיקע געווען, און איך האָב זיך זייער שטאַרק געענדערט). איך האָב אָנגערופן מיין נאָמען. איר איבעראַשונג און פרייד האָב איך דערשפּירט אין איר פעסטן אויסערגעוויינלעך פריינטלעכן דריקן מיין האַנט מיט אירע ביידע צאַרטע הענט. זי איז רויט געוואָרן, אַרומגעקוקט זיך אויף אַלע זייטן, און ווידער אַריינגעקוקט מיר אין די אויגן אַריין... טרויער, פרייד, טיפער מיטגעפיל, אויפמונטערונג, מוטערלעכע זאָרגעוודיקייט — אַלץ האָט זי באַוויזן אויסצודריקן אין משך פון געציילטע רגעס. פון מיין גרויס אומגליק אָן ביז אָט דעם מאָמענט האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געשפּירט אַזאַ האַרציקייט פון עמעצן.

וועגן איר „פאַרברעכערישער" טעטיקייט זיינען לסוף דערגאַנגען ידיעות צו דער געשטאַפּאָ. זי איז אַרעסטירט און געפּייניקט געוואָרן. זי האָט אָבער קיין זאַך נישט אויסגעזאָגט און איז ענדלעך באַפרייט געוואָרן. איר טעטיקייט האָט זי נישט איבערגעריסן אויך נאָך איר באַפרייונג און ווייטער געטאָן דאָס זעלביקע נאָך מיט מער פאַרביסנקייט.

* * *

ליידער איז דער פּראָצענט פון אַזוינע מענטשן געווען אַ צו קליינער, און זייער צאָל איז געשטאַנען אין אַ צו גרויסער דיספּראָפּאָרץ צו דער צאָל נידערטרעכטיקע עלעמענטן, וואָס האָבן די ייִדן אַרומגערינגלט. עס זיינען אויך געווען אַ סך פֿאַלן, פון צוויי־זייטיקער האַנדלונג. אַ קריסט איז, למשל, געווען באַפריינדעט מיט אַ ייִדן, אָדער געוווינט מיט אים אַמאָל אין שכנות. אָט דעם ייִדן האָט ער אויסבאַהאַלטן אין די געפערלעכסטע מאָמענטן פון נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ ביז צו דער באַפרייונג. נאָר גלייכצייטיק האָט דער זעלבער קריסט געהאָלפן אומברענגען אַנדערע ייִדן און אַפילו מיט די אייגענע הענט עס געטאָן. אַזאַ פאַל איז געווען נישט איינער. נאָר וועגן איינעם אַזאַ פאַל ווייס איך קאָנקרעט. מיינער אַ באַקאַנטער א. ל. מיט זיין פרוי און טעכטערל איז געראַטעוועט געוואָרן דורך אַ קריסטלעכן שכן זיינעם, מיט וועלכן ער האָט זיך פריער כמעט ווייניק געקענט. דער קריסט האָט פון זיין אייגענער איניציאַטיוו פאַרגעלייגט א. ל.־ן צו ראַטעווען אים, און אויסגעפירט האָט ער דאָס אויף אַ פשוטן אופן: ער האָט זיי געהאָלפן קריגן אַרישע דאָקומענטן, אַוועקגעפירט זיי אין אַ דאָרף, אין לידער געגנט, צו זיינע קרובים, און צוטראַכטנדיק עפּעס אַ גלאַטן תירוץ, זיי דאָרטן באַזעצט. סיי א. ל.־ס פרוי, סיי זיין קינד זיינען מער ענלעך צו אַריער ווי צו ייִדן, און די פּאָליאַקן דאָרט ווייסן נישט עד־היום, אַז דאָס זיינען געווען ייִדן. זיי זיינען דאָרט אָפּגעזעסן אַזוי די גאַנצע צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

וואָלט מען אַזוי געווען פאַררעכנט אָט־דעם קריסט צו די בעסערע, ווען נישט דאָס, וואָס גלייך אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך דער באַפרייונג פון ווילנע איז דער זעלבער אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער זיכערהייטס־מאַכט אונטערן חשד פון מיטאַרבעט מיט די דייטשן. מיין באַקאַנטער א. ל. קומט דאַן צו לויפן צו מיר מיט אַ בקשה אַרויסצוראַטעווען „זיין" קריסט שימאָן מ. פון אַ בלבול. „ס'טייטש, — האָט ער געטענהט: אַזאַ פיינעם מענטשן זאָל געשען אַזאַ עוולה! חבר ג. איר מוזט מיר העלפן". מיר האָבן באַשלאָסן צונויפצושטעלן אַ מעמאָראַנדום צו דער מאַכט, וווּ א. ל. האָט גענוי באַשריבן, ווי שימאָן ס. האָט אים מיט זיין פאַמיליע אויסגעהיט פון טויט אין משך פון די גאַנצע 3 יאָר כמעט. דעם מעמאָראַנדום האָט א. ל. איבערגעגעבן דעם קאָמענדאַנט פון דער זיכערהייטס־מאַכט. ווען דער לעצטער האָט גוט אויסגעפרעגט א. ל.־ן און זיך איבערצייגט, משמעות, אַז די אינטערווענץ איז אַ באַגרינדעטע, האָט ער, קוקנדיק גלייכצייטיק אין די אַקטן פון דעם שימאָן ס., אויסגערופן מיט שטוינונג: — „דאָס איז דאָך עפּעס אַ מאָדנער פאַל! איין ייִד האָט ער געראַטעוועט, און אַנדערע האָט ער אומגעבראַכט!.." שפּעטער, אין חדשים אַרום, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פאַל שימאָן ס. איז נישט קיין פאַראיינצלטער.

נאָך אַ קאַטעגאָריע קריסטן זיינען געווען, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די זאַך אַזוי געשיקט, אַז זיי זאָלן קאָנען יוצא זיין פאַר ביידע צדדים, נישט ריזיקירנדיק מיט גאָרנישט און נאָך פאַרדינען פון דעם עסק. למשל, אין האַרבסט 1942 איז אין געטאָ איבערגעגעבן געוואָרן אַזאַ ידיעה: אין דער געגנט פון אָשמענע געפינט זיך אַ פריץ, זייער אַ פיינער מענטש, וואָס האָט אַ מעגלעכקייט אויסצובאַהאַלטן אַ ביסל ייִדן ביי זיך אין גוט, אָנגעבנדיק זיי אַלס אַרבעטער. דער פאָלוואַרק געפינט זיך אין אַ זייט פון די הויפּט־שליאַכן און דייטשן קומען אַהין „צו גאַסט" זייער זעלטן. די בנינים דאָרט — געדיכט אין כאַאָטיש אויס־

געשטעלט, אַזוי אַז די באַהעלטעניש איז כמעט אַ זיכערע. וואָס זשע פאַרלאַנגט דער פּריץ? איין זאַך בלויז: צו הונדערט רובל גאָלד פון אַ מענטשן און אַרבעטן די גאַנצע צייט ביי דער ווירטשאַפט און אין פעלד! דער טערמין פון אויסהאַלטן — ביז נאָך פּסח 1943. צי האָבן זיך געפונען בעלנים אויף דעם פאָרשלאַג האָב איך נישט געהערט, ווייל די רעזולטאַטן פון די אונטערהאַנדלונגען זיינען געבליבן בסוד, פאַרשטייט זיך.

פאַר אַ געוויסן טייל פון די קריסטן איז דאָס געיעג נאָך יידן געווען אַ ספּאָרט. פאַר אַנדערע איז דאָס געווען אַ מיטל צו חנפענען דעם הערשער און זיך איינקויפן אין חן ביי אים. אויסער דעם זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אַ געוויסע צייט אויסבאַהאַלטן דעם סוד, אַז דאָ און דאָרטן באַהאַלט זיך אויס ביי עמיצן אַ ייד, אָדער אַ יידיש קינד. אָבער ווי נאָר מ'האָט זיך צעקריגט מיט דעם שכן (אַ קריסט), האָט מען קיין סך נישט געטראַכט און תיכף דערטראָגן צו דער געשטאַפּאָ. אַז דעם אַנטדעקטן יידן דראָט אַ זיכערער טויט, וועגן דעם האָט דער מסור אינגאַנצן נישט געטראַכט, דער עיקר איז פאַר אים געווען, אַז זיין שכן, מיט וועלכן ער האָט זיך איבערגערעדט אָדער צעקריגט צוליב אַ גלעזל בראָנפן, זאָל באַקומען כאָטש טורמע־שטראָף אָדער אַ גרויסע געלט־שטראָף. (נישט שטענדיק האָט דעם קריסט געדראָט די העכסטע שטראָף — טויט; מיט געלט פלעגט מען זיך אויסקויפן). אַזעלכע קריסטן האָבן גערן אויפגענומען ביי די יידן פאַרן אַוועקגיין אין געטאָ אַלץ, וואָס מען האָט זיי נאָר אָנגעטרויט צום באַהאַלטן. אָבער ווען אַ ייד פלעגט זיך דערנאָך ווי עס איז אַרויסגנבענען פון געטאָ, אַוועקגיין אין די טונקעלע אָונט־שעהן צום קריסט און בעטן עפּעס וואָס פון זיינע זאַכן, אַ בגד צום אָנקומענדיקן ווינטער, אַ העמד אָדער דג"ל, פלעגט אַזאַ קריסט נעמען דערציילן דעם יידן פאַרשידענע שקרים, אַז דייטשן האָבן געמאַכט ביי אים אַ רעוויזיע און צוגענומען אַלע זאַכן אָדער— אַז מ'האָט אים פּשוט באַגנבעט. און אויב דער ייד פלעגט זיך נישט לאָזן איינריידן בבאָ־מעשיות און שטאַרקער פאָדערן, פלעגן אים די קריסטן דראָען אַז זיי גייען שוין רופן „ליטווינער", דאָס האָט געהייסן ליטווינער־פּאָליציאַנטן. אַנדערע פון זיי פלעגן עס נאָך מאַכן ווירקזאַמער. אינסצעניזירן אַן איבערפאַל פון ליטווישע פּאָליציי, אונטערשטעלן אַן אייגענעם כוליגאַן, יענער זאָל „פּלוצלונג" אַריינלויפן און נעמען כלומרשט זוכן אַ יידן. דער אומגליקלעכער ייד פלעגט מוזן פאַרשווינדן, און אין אַ סך פאַלן זיינען יידן געכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן.

אַנדערש איז געווען די האַלטונג פון די ווייסרוסן צו אונז. דער המון, דאָס פּראָסטע פאָלק, האָט אין פיל פאַלן גראָד אַרויסגעוויזן ברידערלעכן מיטגעפיל, און אין אַ סך ווייסרוסישע דערפער האָבן זיך יידן מיט דערפאָלג אויסבאַהאַלטן ביז דער באַפרייונג. אָבער די „שפּיצן", די אינטעליגענץ האָט זיך, ווייזט אויס, פאַרהאַלטן געגנוג פאַשיסטיש. אין ווילנע איז געשאַפן געוואָרן אַ ווייסרוסישער „נאַציאָנאַלער קאָמיטעט", וועלכער האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. איינער פון די טיכטיקע טוער אין דעם קאָמיטעט איז געווען דער אין ווילנע באַקאַנטער יאַן בעקיש (געהילף אַדוואָקאַט). איינער פון די הויפּט־מאַכער איז געווען דער באַקאַנטער ווילנער פאַשיסט אנופרי אַליאַכנאָוויטש (מחבר פון אַ פּאַמפלעט אין פּויליש: „אין די נעגל פון ג. פּ. או." אַרויסגעגעבן פון דער מאָנאַרכיסטישער צייטונג „סלאָוואָ" אין ווילנע). דער אַליאַכנאָוויטש איז אָנהייב 1944 אין ווילנע דערשאָסן געוואָרן לויט אַן אורטייל פון דער אונטערערדישער אַנטיפאַשיסטישער ווידערשטאַנדס - באַוועגונג. די דייטשן האָבן אים איינגעאָרדנט אַ פּאָמפּעזע לויה. דעם גאַנצן וועג האָט געשפּילט דער ווייסרוסישער אָרקעסטער, די שפּילער מיטן דיריגענט (דער באַקאַנטער ווייסרוס שירמא) זיינען געווען אָנגעטאָן אין דער נאַציאָנאַלער אוניפאָרם.

גאָר אַ באַזונדערע שטעלונג האָבן אָנגענומען די קאַראַימער. דאָס הייפעלע ווילנער (און טראָקער) קאַראַימער האָט זיך תיכף אָנגעהויבן שאַרף אָפּגרענעצן פון די יידן. צוליב זייער יידישער אמונה האָבן זיי זיך זייער געשראָקן, מען זאָל זיי חלילה „על פי טעות" נישט מצרף זיין צום יידישן פאָלק און לפּחות צו דער סעמיטישער ראַסע. זייער הויפּט־כאַכאַם אין ווילנע, פּראָפ. שאַפּשאַל (אגב, אַ באַוווסטער אַנטיסעמיט) איז געקראָכן פון דער הויט צו דערווייזן די „יודען־וויסענשאַפטלער" פון ראָזנבערג שטאַב, אַז קאַראַימער האָבן קיין שום שייכות נישט צו יידן. מיר אַ גרופּע פון 10 יידן — „העברעער", ווי די ראָזנבערג־לייט האָבן אונז גערופן, האָבן צו יענער צייט געאַרבעט אין ייוואָ־בנין ביים צוגרייטן און סאָרטירן אַלע יידישע ביבליאָטעקן און פאַרלאַגן, ביים איבערזעצן אויף דייטש. בראש פון דער אַרבעט איז געשטאַנען פריינט ז. קאַלמאַנאָוויטש ע"ה. צו אים, אַלס באַקאַנטן יודאַיסט און אויטאָריטעט, האָבן זיך געווענדעט די ראָזנבערג־וויסנשאַפטלער, אַז ער זאָל זיי אויפזוכן פון אומעטום אַלע מאַטעריאַלן צו דער דאָזיקער פראַגע, איבערזעצן אויף דייטש, און העלפן זיי דערגיין דעם ריינעם אמת, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די קאַראַימער. די אַרבעט האָט זיך געצויגן לאַנגע חדשים. די גאַנצע גרופּע פון די „העברעער" האָט איבערגעגישטערט טויזנטער ביכער, כתבים, זשורנאַלן און אַלטע מאַנוסקריפּטן, ווו נאָר ס'איז עטוואָס געזאָגט געוואָרן וועגן קאַראַימער. ז. קאַלמאַנאָוויטש, ד"ר יעקב גאָרדאָן, ד"ר דינה יאַפּפּע און י. לאַם האָבן חדשים לאַנג געאַרבעט אויף די איבערזעצונגען פון דעם מאַטעריאַל אויף דייטש. אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אַ וויכוח וועגן דער פראַגע צווישן ז. קאַלמאַנאָוויטשן און פּראָפ. שאַפּשאַל. לויט ווי קאַלמאַנאָוויטש ע"ה האָט מיר שפּעטער געזאָגט, איז ער שוין פון לכתחילה געווען מסכים מיט דער מיינונג, אַז די קאַראַימער האָבן אַ חוץ דער תורת־משה קיין שום שייכות נישט צום יידישן פאָלק, ד. ה. אַז מיט דער סעמיטישער ראַסע האָבן זיי קיין שום געמיינזאַמעס נישט.

דער פּראָפ. שאַפּשאַל האָט אונז עטלעכע מאָל באַזוכט אין ייוואָ צו באַטראַכטן אויף אָן אָרט דעם אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל. ביי דער געלעגנהייט האָט ער איבערגעגעבן אונזערע חברים, אַז ער קומט אָפּט אַריין צום געביטס־קאָמיסאַר, דעם תלין הינגסט. און לויט ווי מ'האָט אים פאַרזיכערט, וועט אויף יידן מער

קיין שחיטות נישט זיין. דאס איז געווען א 4—5 חדשים פאר דער ליקווידאציע פון געטא.

* * *

די בלוטיקע מעשים פון די ליטווישע פאשיסטן זיינען שוין דער וועלט גענוג באקאנט. מען קאן זאגן, אז דער גרעסטער טייל פון ווילנער און ליטווישן יידנטום איז אומגעבראכט געווארן דורך ליטווישע באנדיטן. מיר ווילן דא דערציילן וועגן איין אינטערעסאנטן עפיזאד אין שייכות מיט דעם.

אין אנהייב פרילינג 1945 זיינען די טייכן ניעמאן און ווייליע ארויס פון די ברעגעס און פארפליצט געוואלדיקע שטחים אין קאוונער געגנט. צוליב געוויסע טעכנישע דעפעקטן האבן אומגעריכט זיך אויסגעריסן די דאמבעס אין קאוונע, און עס איז פלוצלונג, אין מיטן נאכט, געווארן אזא פארפלייצונג, אז טויזנטער מענטשן האבן זיך געראטעוועט פון זייערע פארטרונקענע הייזער נאר שווימענדיק. פארשטייט זיך, אז עס איז נישט פארבייגעגאנגען אן א גרויסער צאל מענטשלעכע קרבנות. גראד אין די נידעריקע ערטער, נענטער צו די טייכן האט נישט געוווינט קיין איין ייד פון דעם היפל געראטעוועטע ליטווישע יידן. אזוי ארום האט פון דער פארפלייצונג צופעליק קיין שום ייד נישט געליטן. דער ליטווישער המון, וואס איז פון תמיד אן רעליגיעז געשטימט, האט זיך א לאז געטאן אין די קלויסטערס תשובה־טאן און מתפלל זיין. גראד איז די פארפלייצונג אויסגעפאלן פונקט אין זעלבן טאג, ווען מיט א יאר צוריק האבן די ליטווישע צוזאמען מיט די דייטשע רוצחים אונטערגעצונדן דעם קאוונער געטא. דער גלח פון קאוונער קאטעדראל־קלויסטער האט ביי דער געלעגנהייט געהאלטן פאר די מתפללים א פייערדיקע מוסר־רעדע און זיי געזאגט: „דאס האט איר א שטראף פון גאט פאר דעם אומשולדיקן יידישן בלוט, וואס איז פארגאסן געווארן פונקט פאראיארן אין דער זעלבער צייט!...” דער עולם האט געוויינט בדמעות־שליש און א סך ליטווינער האבן עפנטלעך מסכים געווען מיטן גלח, אז די שטראף איז געוויס געקומען מן־השמים פאר זייערע זינד לגבי יידן...

די פארפלייצונג האט אבער נישט אפגעווישט, ווי דער מבול, דאס גארע שלעכטס פון דעם פנים פון דער ערד...

## אינזש. י. יפה

# על־פּי־נס

„אַ ייד וועט ווערן אין מזרח־אייראָפּע אַ מוזעאַלע זעלטנהייט״, — אַזוי האָט געזאָגט אַדאָלף היטלער אין אָנהייב פון קריג.

און דאָס זיינען נישט געבליבן בלויז ווערטער, גאָר נאָכן אויסברוך פון סאָוויעטיש־דייטשן קריג איז עס געוואָרן אַ בלוטיקע ווירקלעכקייט אין די געביטן פון דער גרעסטער קאָנצענטראַציע פון יידן אין אייראָפּע. די דייטשן זיינען אין דער יידן־אויסראָטונג, צום אומגליק, נישט פאַרבליבן איינזאַם, זיי האָבן געפונען געטרייע דינער, איבערהויפּט אין די באַלטישע לענדער און אין אוקראַיִנע.

אין ליטע האָבן ליטווישע רוצחים־בריגאַדעס זיך אויסגעצייכנט אין דער יידן־אויסראָטונג. מען פלעגט זיי אויך שיקן אויף „אַקציעס״ אין אַנדערע לענדער.

די מערדערייען אויף פּאָנאַר און די „אַקציעס״ אין ווילנער געטאָ האָבן אויסגעפירט די ספּעציעלע ליטווישע פּאָליציי „איפּאַטינגאַ״, (ליטווישע געשטאַפּאָ), אונטער דער לייטונג פון דייטשע געשטאַפּאָ־לייט.

די ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ האָבן די דייטשן דורכגעפירט מיט עסטאָניער, לעטן און צום סוף מיט אוקראַיִנער. די דאָזיקע בלוטיקע אַרבעט איז אויסגעפירט געוואָרן דורך פרייוויליקע, וואָס האָבן דאָס געמאַכט בשלמות. דער גיפט פון ראַסן־האַס האָט געשטעקט טיף אין זייער חיהשער פסיכיק.

צום מאָמענט פון דער באַפרייונג פון ווילנע, זיינען טעאָרעטיש דאָרט קיין יידן נישט געווען.

נאָך דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ זיינען פאַרבליבן בלויז קליינע געשלאָסענע „אַרבעטס־בלאָקן״ (ביי אַ 2.500 יידן), און די שטאָט איז געוואָרן פּראָקלאַמירט אלס „יודן־ריין״. אַזאַ מודעה איז געווען אויפגעהאָנגען אויפן ווילנער וואָקזאַל, און עס איז פאַקטיש געווען אַ שוידערלעכער אמת. די יידישע עדה פון ירושלים דליטא איז מיט דייטשער אַכזרישער סיסטעמאַטישקייט און פּלאַנמעסיקייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גריבער מיט מתים אין די פּאָנאַרער וועלדער, אין אייניקע שקלאַפן־לאַגערן אין עסטאָניע.

אַ גאָר קליינער טייל פון די יידן פון די לאַגערן, איבערקומענדיק די גרעסטע ענוים, איבערלעבנדיק אַזעלכעס, וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך קיינמאָל נישט פאָרשטעלן, אַז אַ מענטש זאָל עס איבערלעבן און נאָך דעם ווערן צוריק אַ מיטגליד פון אַ נאָרמאַלער מענטשלעכער געזעלשאַפט — איז על־פּי־נס געבליבן ביים לעבן.

עטלעכע הונדערט יוגנטלעכע פון דער ווילנער פאַרייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע האָבן באַוויזן זיך ראַטעווען, אוועקגייענדיק צו די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער.

אַ קליינער טייל האָט זיך „פאַרמעלינעוועט״, אַריין אין דער אונטערערדישקייט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, אויסבאַהאַלטן און אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך קריסטן.

ביים אָפּראַטעווען זיך פון דער דאָזיקער לעצטער גרופּע האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע נישט בלויז דער שטאַרקסטער דראַנג צו דערהאַלטן זיך פאַר יעדן פּרייז ביים פיזישן לעבן. נישט פאָרויסזעעוודיקייט, נישט האָפענונג, נישט חכמה, נישט לעבנס־פעיקייט, נישט געלט־מיטלען האָבן זיי געהאָלפן. די הויפּט־זאַך איז געווען צו האָבן דאָס גליק אָנצוטרעפן אויף גוטע קריסטלעכע מענטשן, וואָס צוליב די אָדער אַנדערע סיבות זאָלן זיי נעמען אויף זיך די לעבנסגעפערלעכע מיסיע צו העלפן אַ ייד זיך אויסצובאהאלטן.

ד״ר יואָזאס שטאַקאַוסקאַס, אַ ליטווישער גייסט־לעכער, אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע דירעקטאָר פון ווילנער מלוכה־אַרכיוו אויף טעאַטראַלנע, האָט צוזאַמען מיט זיין פריינט, וולאַדאַס זשעמאַיִטיס, אַ ליטווישער לערער, און דער פּויליש נאָנע מאַריאַ מיקולסקאַ געראַטעוועט צוועלף יידן פון ווילנער געטאָ: ד״ר אַלעקסאַנדער ליבאַ מיט זיין פרוי און טאָכטער ליובאַ, אינזש. יעקב יפה מיט פרוי און טאָכטער, פרוי אסתר יפה, אדוו. ג. יאַשונסקי מיט זיין פרוי, פרוי באָק מיט איר זון אַ באַגאַבטן מאָלער, פריילן מירע ראָלניק.

פרוי פּעדעצקאַ מאַריאַ העלפט זיך ראַטעווען אַ גאַנצע ריי יידן; צווישן זיי: ראָזע כוואַלעס און טאָכטער, אַדוו. סמילג מיט פרוי און קינד, פרוי שאַבאַד מיט צוויי טעכטער, שעלאַנסקאַ און אַנד.

דער ווילנער אַדוו. יוזעף ציעלעצקי האָט געהאָלפן מאַטעריעל און מאָראַליש די משפּחה איזראַעליט אין געטאָ און שפּעטער נאָך דער ליקווידאַציע פון לאַגער ה. ק. פּ. — ריזיקירנדיק מיט זיין אייגענעם לעבן, אויסבאַהאַלטן און געראַטעוועט די פרוי איזראַעליט מיט דער טאָכטער.

פּראָפ. אָקאָ העלפט זיך ראַטעווען דער פרוי לאַנדאו און טאָכטער.

פּראָפ. טשיזשאָווסקי ראַטעוועט דעם לערער פּעסעל מיט זיין פרוי און טאָכטער, ד״ר עפּשטיין מיט פרוי און טאָכטער א״אַ.

פּראָפ. פּעטרוסעוויטש העלפט דער משפּחה מאַדייסקער אין דער צייט פון 2־טן יאָר געטאָ, און אין דער צייט נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ העלפט ער זיי זיך ראַטעווען פון טויט און איבערקומען די צייט ביז דער באַפרייונג. אין פאַרשידענע צייטן באַהאַלט זיי אויס די וועכטערין קאַראָלינאַ פון ווילנער־גאַס 22, אַרצישעווסקי אַלעקסיי, טשערניקעוויטש קאָנסטאַנטי, ראַכליצקאַ יוזעפאַ.

סטעטקעוויטש יוזעף און יאַננאַ, וועכטער פון טעאַטראַלנע 2, העלפן זיך ראַטעווען דעם ד״ר בלאָק מיט זיין פרוי, ד״ר גילעלס.

וויקטאָריאַ ראַדזעוויטש ראַטעוועט דאָס קליינע טעכטערל פון רחל קרינסקי, ציפּקאַ.

אָליצקי יוזעף, אַ פּוילישער סטאָלער, און פרוי

וועראָניקא מילעווסקא ראַטעווען דעם פּראָפעסאָר מאָושאָוויטש.

אַנאַ שימאַיטע האַלט אָן קאָנטאַקט מיט דעם געטאָ אין משך פון די דריי יאָר אָקופּאַציע, זאַמלט מאַטעריאַלן וועגן געטאָ און גייט אין די אַרבעטס־בלאָקן „קייליס“ און ה. ק. פּ., וואַרפט אריין פּעקלעך מיט שפּייז, העלפט, דערמוטיקט און לעבט מיט דאָס שרעקלעכע לעבן פון די יידן פון ווילנע, פאַלט אריין אין געשטאַפּאָ און גייט דורך דעם גהינום פון לאַגערן.

דער גלח פון זווערינעצער קלויסטער באַהאַלט אויס ביי זיך אין די שווערסטע צייטן פאַרשידענע יידן, צווישן זיי די פרוי ליובא יפה מיט איר טאָכטער אסתר יפה, דעם סוחר פון דייטשער גאַס, אידעלסאָן.

דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל פון דעם. נישט אלע ידיעות זיינען צו אונז דערגאַנגען, און עס איז אַ הייליקער חוב פון די געראַטעוועטע יידן צו ברענגען דאָס צו דער עפנטלעכקייט.

צום באַדויערן, נישט אלעמען האָט זיך איינגעגעבן צו דערפירן זייער הילף ביזן גליקלעכן טאָג פון באַפרייונג, און דער סוד וועגן דעם איז פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט די קרבנות.

קליין איז די צאָל געראַטעוועטע יידן אין ווילנע גופא — עטלעכע הונדערט יחידי־סגולה, ווייל קליין איז געווען די צאָל פון די נישט־יידן, וואָס האָבן געקאָנט און געוואָלט זיך מפקיר זיין פאַר דער הייליקער זאַך, און גאָר גרויס איז געווען די צאָל פון אינדיפערענטע, אָדער שונאים.

די רעטער און העלפער האָבן זיך רעקרוטירט פון פאַרשידענע שיכטן און קלאַסן און פּאָליטישע איבערציגונגען, אָנהייבנדיק פון אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָרן ביז הויז־וועכטער און פויערים, פון איבערציגטע אַנטיסעמיטן און רעאַקציאָנערן ביז קאָמוניסטן און אַנאַרכיסטן.

דאָס פינטעלע „מענטש“ איז אַ זעלטנהייט, אָבער אָפטער פון אַלץ האָט זיך דאָס אנטפּלעקט אין צוויי עקסטרעמיטעטן: ביי טיף־ רעליגיעזע קאָטאָליקן פון איין זייט, און ביי העכסט פּראָגרעסיווע אינדיווידואומס פון דער אנדערער זייט.

כדי געהעריק אָפּצושאַצן די טאַטן פון די דאָזיקע מער ווי העלדישע קריסטן, מוז מען זיך אריינפילן אין די דעמלטיקע אומשטענדן, ווען די ראַסיסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט געהאַט גרויסע ווירקונג אויף דער ארומיקער סביבה, ווען דער ייד איז געווען אוועקגעשטעלט אויסער יעדן געזעץ, ווען העלפן אַ יידן זיך אויסצובאַהאַלטן איז געווען טויט פאַרן העלפער און פאַר זיין משפחה. טייל מאָל איז דאָך די הילף באַשטאַנען נישט אין קיין איינמאָליקער אנשטרענגונג, נאָר אין אַ שווערער, ריזיקאַלישער לאַסט, וואָס האָט געדויערט לאַנגע מאָנאַטן און אפילו יאָרן. דאָס איז מער ווי העלדישקייט, מער ווי די גרעסטע גבורה, אויף וועלכער ס'איז פעיק די מענטשלעכע נאַטור. אָט די קריסטן זיינען די אמתע חסידי־אומות־העולם, וואָס זייערע נעמען דאַרפן פאַראייביקט ווערן, און זייער ביישפּיל דאַרף דינען אלס אַ דערמונטערונג צום לעבן. אין דעם ים פון שנאה, אין וועלכן די יידישע שיף האָט געזונקען, זיינען זיי געווען די לעבעדיקע רעטונגס־רינגען, אדאַנק וועלכע אַ קליינע צאָל יידן איז נאָך לאַנגע וואַגלענישן צוגעשווומען צום ברעג פון לעבן.

# קאנצענטראַציע-לאַגערן און פאַרניכטונגס-ערטער

## וווּ ייִדן פון ווילנער געטאָ זיינען אומגעבראַכט געוואָרן

**ליטע:** ווילנע (בורבישקער וואַלד, ראָסע-גאַס, לאַגער ה. ק. פּ. סובאָטש 37), פּאָנאַר, וויעליטשאַן, בעזדאַן, וואַקע, סאָראַק־טאַטאַר, רעשע, יאַשון, קאָווגע, פּאָניעוועזש, און קאָזלאָווא-רודאַ.

**ווייסרוסלאַנד:** אָשמענע, קענע, וואָראָנאָווע, וואָלאָזשין און לידע.

**עסטלאַנד:** טאַרטו, קלאָאָגע, ווייוואַרי, יאָהיי, גאָלדפּילס, אַזאַרי, קיוויאָלי, ערעדאַ, קאַלקאַו, לאַגעדי, וויוויקאַני, קונדאַ און נאַרוועי.

**לעטלאַנד:** ריגע, (קייזערוואַלד, שטראַסדענהאָף, דינאַווערק), וואַרניאַן און דונדאַ-גיען (קורלאַנד).

**פּוילן:** מיידאַנעק, אָשוויענטשים, בידגאָשטש און טאָרון.

**דייטשלאַנד:** שטוטהאָף, דאַנציג, דאַכאַו, בוכענוואַלד, לאַנדסבערג, מאַגדענבורג, זאַק-סענהויזן, בוכגראַבען, לאַניעבורג, זאָפּיענוואַלד, פּראַוסט, פרידלאַנד, שטיינאַרט, ראָזען און סטאָלפּ (אָסט-פּרייסן).

**טשעכיע:** טערעזיענשטאַט.

**אין באַלטישן ים** — דערטרונקען.

סך-הכּל 59 לאַגערן און פאַרניכטונגס-ערטער.

# כראָנאָלאָגיע פֿון די יידישע עינויים אין ווילנע פֿאַר דער צייט פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע

צונויפגעשטעלט דורך *ש. קאַטשערגינסקי*

## 1941

### יוני

22-טער: אויסברוך פון דעם דייטשיש־סאָוויעטישן קריג. די דייטשן באָמבאַרדירן ווילנע.

23־טער: צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי, מלוכהשע און פּאַרטייאישע באַאַמטע עוואַקוירן זיך טיפער אין ראַטנלאַנד אַריין בערך 8—10 טויזנט ווילנער יידן.

24־טער: אַריינמאַרש פון דער דייטשישער אַרמיי אין שטאָט.

28־טער: ליטווישע פּאָליציי כאַפּט יידן אין די גאַסן אויף אַרבעט.

### יולי

4-טער: עס ווערן אַרעסטירט יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, מלוכה־באַאַמטע, סוחרים און פאַבריקאַנטן: (אינזש. כאַלעם, בונימאָוויטש, קאָוועניאַקי, דעאול, איידליטש, בראַז, מירקין א. אַנד.) און איינגעזעצט ווי ערובניקעס אין דער לוקישקער תפיסה. גלייכצייטיק ווערט קאָנפיסקירט זייער פאַרמעגן.

גריגדונג פֿון ערשטן „יודענראַט", אין וועלכן עס גייען אַריין: ד״ר וויגאָדסקי, משה שאַליט, פנחס קאָן, לאַנגבאַרט, פרוי ד״ר מעד. כאַלעם, אינזש. אַנאַטאָל פריד א. אַנד.

7־טער: פאַראָרדענונג פון מיליטער־קאָמאַנדיר צענפּפעניג, אַז יידן זאָלן טראָגן אָפּצייכענונגען אויף דער ברוסט (אין דער פאָרם פון אַ פּירקאַנטיק ווייס שטיקל לייוונט מיט אַ געלן קרייז און אין קרייז דאָס לאַטיינישע אות „J").

10־טער: אונטערן אויסריד, אַז יידן פון דער שפּיטאָלגאַס האָבן געשאָסן אויף אַ דייטשן מאָטאָציקליסט, ווערן דערשאָסן 123 מענער פֿון דער זעלבער גאַס; צווישן זיי — דער באַרימטער העברעיש־יידישער שרייבער און פּעדאַגאָג, חיים־אריה חזן, דער אַסיסטענט פון וואַרש. פּאָליטעכניקום יעקב רובינשטיין א. אַנד.

אַ נישט־פעסטגעשטעלטע צאָל יידן ווערן דערשאָסן הינטער דער שטאָט, אין בורבישקער וואַלד.

11־טער: די ערשטע מאַסן־צעשיסונג פון ווילנער יידן אין דער וואונדערשיינער געגנט פּאָנאַר, ווו די סאָוויעטן האָבן אין אַ וועלדל איבערגעלאָזט צוגעגרייטע בעטאָנירטע גריבער פאַר בענזין־רעזערוואַרן.

13־טער: פון די גאַסן און אַרבעטס־פּלעצער כאַפּט די געשטאַפּאָ יידן־מענער און פירט זיי אַוועק איך אויטאָס אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

15־טער: אָנהייב פון סיסטעמאַטישן כאַפּן יידן־מענער מצד דער ליטווישער פּאָליציי, בייטאָג — פון די גאַסן און ביינאַכט פֿון די הייזער, נישט שוינענדיק דערביי קיין קינדער און זקנים.

### אויגוסט

2־טער: די דעה איבער דער באַפעלקערונג גייט אַריבער צו דער דייטשער ציוויל־מאַכט מיטן געביטסקאָמיסאַר הינגסט בראש. איבער דער ווילנער פּראָווינץ („ווילנע־לאַנד") נעמט איבער די מאַכט דער געביטס־קאָמיסאַר ד״ר וואָלף.

פאַראָרדענונג: יידן טאָרן נישט גיין אויף די טראָטואַרן; מעגן גיין נאָר איבער באַשטימטע 17 גאַסן און נאָר ביז 6 אַזייגער פאַרנאַכט.

10־טער: עס ווערט אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע אויף די ווילנער יידן אין אַ סומע פון 5 מיליאָן רובל. צוליב דעם, וואָס עס ווערט נישט געשאַפן די גאַנצע סומע, פּרוווט מען דעם רעשט צו דעקן מיט ווערטזאַכן (גאָלד, זילבער, לעדערוואַרג א. ד. גל.). אין דער זאַמל־אַרבעט העלפן אויך מיט אַ טייל נישט־יידן. צו דער אויפגעזאַמלטער סומע פעלט נאָך 2 מיליאָן רובל. די דייטשן נעמען צו דאָס געזאַמלטע און דערשיסן די ערובניקעס.

31־טער — 1־טער סעפּטעמבער: דעם 31־טן אויגוסט ווערט דורך ליטוויש מיליטער און פּאָליציי אַרומגערינגלט דער יידישער קוואַרטאַל (די גאַסן: גלעזער, יאַטקעווער 2, גאון, דאָמיניקאַנער געסל, האַלב דייטשע, יידישע). אַלע יידישע איינוווינער אָן אונטערשיד פֿון עלטער, פון נייגעבוירענע ביז זקנים, געזונטע און קראַנקע ווערן אַרויסגעיאָגט פון זייערע הייזער און אַוועקגעטריבן אין דער תפיסה אויף לוקישקעס. דער גירוש, באַגלייט מיט קלעפּ און רויבערייען, דויערט דעם טאָג און אַ גאַנצע נאַכט. אויף מאָרגן ווערן אויף די גאַסן אויסגעהאָנגען פּלאַקאַטן, אונטערגעשריבן פון געביטס־קאָמיסאַר, אַז עס זיינען געכאַפּט און באַשטראָפט געוואָרן יידישע פאַרברעכער, וועלכע האָבן נעכטן געשאָסן אויפן דייטשן מיליטער אין שטאָט.

דעם זעלבן טאָג ווערט אַרומגערינגלט דער צווייטער יידישער קוואַרטאַל (די גאַסן: סטראַשון, רודניצקער, יאַטקעווער, שאַוולער, אַשמענער, טייל דייטשע, דיסנער, לידער), ווו עס ווערט דורכגעפירט אַן ענלעכער גירוש.

צווישן די אַרויסגעטריבענע געפינען זיך אויך כמעט אַלע מיטגלידער פון יודענראַט. פאַראָרדענונג, אַז יידן קאָנען זיך באַוועגן נאָר פון 10 פרי ביז 3 אַזייגער בייטאָג.

פאַראָרדענונג, אַז יידן מוזן אָפּגעבן אַלע ווערטזאַכן און געלט, איבערלאָזנדיק ביי זיך נישט מער ווי 300 רובל.

### סעפטעמבער

4־טער: די יידן פון תפיסה ווערן אוועקגעפירט אויף פאנאר און צעשאסן.

6־טער: אלע איבעריקע יידן פון שטאט ווערן אריינגעטריבן אין די אויסגעליידיקטע יידישע קווארטאלן, ווו עס ווערן געשאפן צוויי געטאס.

דאס ערשטע געטא — די געסלעך, וואס געפינען זיך בשכנות מיט דער רודניצקער, און דאס צווייטע געטא — די געסלעך, וואס געפינען זיך בשכנות מיט דער יידישער. די געטאס טיילט איבער איינס פון דאס אנדערע די דייטשע גאס, ווו יידן האבן קיין רעכט נישט צו וווינען.

פון זייערע שטובן קאנען די יידן מיטנעמען אין געטא בלויז אזוי פיל זאכן, וויפל זיי קאנען טראגן מיט זיך. דאס איבעריקע מוז איבערגעלאזן ווערן אין די הייזער, ווו דאס ווערט תיכף צעראבירט דורך פארברעכערישע עלעמענטן פון די ארומיקע שכנים.

7־טער: יידן פון געוויסע ראיאנען (קאלוואריסקע, אנטאקאל, פאהולאנקע און די יידן, וועלכע געפינען זיך צונויפגעטריבן אויף דעם לידער געסל) ווערן פארטריבן אויף לוקישקעס. גרינדונג פון צווייטן יודענראט, בראש מיט קאמבער (ערשטער יודנעלטסטער), גענס, פריד, מילקאנאוויצקי, יאשונסקי, גלאזמאן א. אנד.

גרינדונג פון א באזונדערן יודענראט אין צווייטן געטא בראש מיט אדוו. עמנואל סמילג, ד״ר מעד. פאטשטער, רעמיגאלסקי, מגר. באלבערישסקי א. אנד.

שאפונג פון דער יידישער פאליציי.

8־טער: עס ווערן באפרייט פון דער תפיסה א טייל יידישע ספעציאליסטן, בעל־מלאכות און ארבעטער.

12—15־טער: די ארעסטירטע יידן ווערן אוועקגעפירט פון לוקישקעס אויף פאנאר און צעשאסן.

15־טער: אונטערן אויסריד, אז אין ערשטן געטא איז די געדיכטקייט פון דער באפעלקערונג א גרויסע, ווערן א טייל יידן אויפן וועג פון ערשטן אין צווייטן געטא אוועקגעפירט אויף פאנאר.

24—25־טער: (ערשטער און צווייטער טאג ראש־השנה). 12 ק״מ פון ווילנע, אין דארף וויעליטשאן, אין די הייזער און שטאלן, ווו עס האט זיך געפונען פאר דער מלחמה אן אויסבעסערונגס־הויז פאר מינדעריעריקע פארברעכער, זיינען צונויפגעטריבן געווארן די יידן פון די שטעטלעך ביי ווילנע: שומסק, ניי־ווילייקע, אנדרילישאק, מעדניק, טורגעל, רוקאן א. אנד. און די ווילנער יידישע ארבעטער פון די טארף־לאגערן און מאיאנטקעס (קענע, שומסק, קאמאראווע). די יידן האבן דארט אויסגעגראבן גריבער אויף „קארטאפל״ און דארט צעשאסן געווארן. צווישן די 1000 דערשאסענע ווילנער איז געווען דער ליטעראט יוסף טעפער, די אדוואקאטן סווירסקי, זשוק, די לערער רודניצקי, נאדעל, די שילער פון פוילישן און יידישן טעכניקום אברהמל פופקא, אבראשע ראבין, נתן צעמעל א. אנד. אין די צוויי טעג זיינען צעשאסן געווארן 4000 יידן.

### אקטאבער

1־טער (יום־כיפור): אקציעס. ביידע געטאס ווערן באפאלן דורך ליטוויש מיליטער. טויזנטער יידן ווערן צוגענומען אין תפיסה און דערנאך אויף פאנאר. די מערדער פלעגן פריער פירן די יידן אין תפיסה אריין, כדי צו באקומען די ווערט־זאכן און בעסערע קליידער פון די קרבנות פארן דערשיסן.

15־טער: „אקציע״ אין צווייטן געטא.

24־טער: נאך דעם, ווי דער דייטשער ארבעטס־אמט גיט ארויס די יידן ביז 4000 ארבעטס־באשטעטיקונגען אויף א געלן פאפיר, די אזוי גערופענע „געלע שיינען״, וואס נעמען ארום (צוזאמען מיט די משפחה־מיטגלידער) ביז 16.000 מאן, ווערן ארויסגעשלעפט פון געטא אויף פאנאר אלע יידן, וועלכע האבן נישט די דאזיקע שיינען. טייל יידן באהאלטן זיך אויס אין מאלינעס.

28—30־טער: די איבעריקע יידן פון דעם צווייטן געטא ווערן ארויסגעפירט אויף פאנאר און דערמיט ווערט דאס צווייטע געטא פולשטענדיק ליקווידירט.

### נאוועמבער

3—5־טער: צווייטע אקציע אויף די אויסבאהאלטענע יידן, וועלכע האבן נישט קיין געלע שיינען.

15־טער: צוליב די שחיטות אין ליטע אנטלויפן א סך יידן אין די שטעטלעך פון מערב־ווייסרוסלאנד, ווו די לאגע פון די יידן איז נאך א רויקערע. א סך ווילנער יידן אנטלויפן אין גרענעץ־שטעטל ווארנאווע (80 קמ. פון ווילנע), דארט ווערן זיי אבער צוזאמענגעקליבן, 265 ווילנער יידן, און נאך שרעקלעכע פייניקונגען ווערן זיי אלע צעשאסן. עד היום געפינען זיך אין ווארנאווע די 2 ברודער־קברים פון די ווילנער. די מענער באזונדער און פרויען באזונדער.

### דעצעמבער

4־טער: אין געשטאפא איז געווען באשעפטיקט איינער פון די גרעסטע יידישע ארבעטס - איינסן. יידן האבן זיך געריסן אהין אויף ארבעט, מיינענדיק אז דארט איז דאס לעבן געזיכערט. די יידן זיינען דארט געווען באשעפטיקט ווי קערער, רייניקער, האלץ־העקער, שוסטער, שניידער, טרעגער אדג״ל. אין דעם טאג זיינען געקומען אין געטא געשטאפא־פאווצעס און געמאלדן זייערע ארבעטער, אז אזוי ווי עס גרייט זיך אן אקציע אויף די יידן, כדי צו פארזיכערן זייערע ארבעטער נישט אריינצופאלן צווישן די קרבנות, זאלן זיי זיך אין ארדענונג אויסשטעלן און אריבערגיין אין דעם בנין פון דער געשטאפא. גלויבנדיק די פארזיכערונגען האבן זיך נישט נאר די באשעפטיקטע פון דעם ארבעטס־איינס צוגעשטעלט, נאר אויך זייערע משפחה־מיטגלידער און סתם פרעמדע. כמעט אלע אין א צאל פון 600 מאן, זיינען דעם טאג אוועקגעפירט געווארן אויף פאנאר.

5־טער: אקציע אויף דער „אונטערוועלט״ אין געטא, אין וועלכער עס קומען אום אויך א סך אנדערע יידן.

20—21־טער: די משפחה־מיטגלידער פון די, וועלכע האָבן געהאַט געלע שיינען, האָבן באַקומען שיינען פון אַ ראָזע קאָליר („ראָזע שיינען"). אין די טעג איז פאָרגעקומען אַן אַקציע אויף די יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין געלע און ראָזע שיינען.

## 1942

פון אָנהייב 1942 ביז אַפּריל 1943 ווערט די לאַגע אין געטאָ „סטאַביליזירט", ד. ה. קיין גרעסערע אַקציעס, אויסער דער אַקציע אויף 83 אַלטע (זע ווייטער), קומט גאָר נישט פאָר. אין דער צייט ווערט אין געטאָ געגרינדעט דאָס טעאַטער, אָרקעסטער, אַרבעטער־אוידיטאָריע, קינדער־און יוגנט־קלוב, מוזיק־שול, פאַך־שולן, כאָרן, העברעישע דראַמ.־סטודיע, וועכנטלעכער ביולעטין „געטאָ־ידיעות", סטאַטיסטישער אַמט, מוזיי, „פאַרייניקונג פון ליטעראַטן, אַרטיסטן און קינסטלער", „וויסנשאַפט ־ קרייז", „ברית עברית", אינזשיניערן ־ פאַרבאַנד, לערער־פאַרבאַנד, בוכהאַלטאָרן־פאַרבאַנד, פאַרטייען צוזאַמענקומען, רעוויו־טעאַטער „די יאָגעניש אין פּאַס", ישיבות, „פאָלקס געזונט"־ביולעטינען און שמועסן אאַז"וו. ס'ווערט פונאַנדערגעבויט די געטאָ־אינדוסטריע (שניידערייען, שוסטערייען, זייגערמאַכעריי, שטריקעריי, כעמישע אויסאַרבעטונג, וועשעריי, טעכנישע וואַרשטאַטן און שולן אאַז"וו).

### יאַנואַר

24־טער: ס'ווערט געגרינדעט די „פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע" (פ. פּ. אָ.) אין ווילנער געטאָ, קאָמענדאַנט: איציק וויטנבערג—קאָמוניסט (פּסעוודאָנים — לעאָ), שטאַב־מיטגלידער: אַבאַ קאָוונער — „השומר הצעיר" (פּסעווד. אורי), יוסף גלאַזמאַן — רעוויזיאָניסט, (פּסעוודאָנים—אַבֿרהם) אַבראַשע כוואָיניק — בונדיסט און ניסן רעזניק אלג. ציוניסטן.

### יולי

17־טער: אונטערן אויסרייד, אַז נאָך אַ ריי וואָרענונגען שמוגלען יידן אַריין פון שטאָט אין געטאָ שפּייז, באַשווינדלענדיק דערמיט די אַרישע באַפעלקערונג, פאָדערט דער יידישער רעפערענט און בעל־הבית איבערן געטאָ, דער פאַרטרעטער פון געביטס־קאָמיסאַר, מורער, 100 קעפּ. די יידישע פּאָליציי כאַפּט צונויף פון גאַס, פון די הייזער, און פון מושב־זקנים אַלטע און קראַנקע, וועלכע ווערן אַריבערגעשיקט אין בנין פון דער קינדער־קאָלאָניע „טאָז" א. נ. פון ד"ר צמח שאַבאַד אויף פּאָספּיעשקי. דאָרט גיט מען זיי גוט צו עסן, און זיי ווערן ספּעציעל גוט באַהאַנדלט. זיי ווערן פאָטאָגראַפירט. עטלעכע פון זיי געלינגט אַריסצובאַקומען זיך צוריק אין געטאָ, די איבעריקע ווערן אין אַ וואָך אַרום דערשאָסן אויף פּאָנאַר.

## 1943

### אַפּריל

5־טער: אונטערן אויסרייד, אַז די פאַרבליבענע יידן אין דער ווילנער פּראָווינץ זאָלן נישט באַפאַלן ווערן דורך... פּאַרטיזאַנער, ריכטיקער! — זיי זאָלן נישט אַוועקגיין צו זיי, באַפעלט דער געביטס־קאָמיסאַר פון „ווילנע־לאַנד" ד"ר וואָלף אַלע איבערגעבליבענע יידן פון די שטעטלעך מיכאַלישאָק, כוויעניציאַן, אָשמענע, סאָל א. אַ. זיך צו פאַרפּאַקן און אַריבערפאָרן אין די געטאָס פון ווילנע און פון קאָוונע, ביז 4000 יידן זיינען געווען אין די וואַגאָנעס, וואָס האָבן זיי געפירט קיין קאָוונע. אויך עטלעכע צענדליק יידן פון ווילנער געטאָ, וועלכע האָבן געהאַט זייערע פאַמיליעס אין קאָוונע, האָבן זיך פאַרשריבן צו פאָרן. אָבער ווען דער צוג איז אָפּגעגאַנגען פון דער ווילנער באַן־סטאַציע, איז ער פאַרקערעוועט געוואָרן אויף ספּעציעל אויסגעבויטע באַן־רעלסן, וועלכע האָבן די 4000 יידן דערפירט אויף פּאָנאַר, ווו זיי זיינען דערמאָרדעט געוואָרן. אַ סך יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, וואָרפנדיק זיך אויף די מערדער מיט אייזנס, שטעקנס און איינבייסנדיק זיך אַפילו אין זייערע גאָרגלען. צוליב דעם איז עטלעכע צענדליק יידן געלונגען זיך צו ראַטעווען. בלויז איייניקע פון זיי זיינען צוריקגעקומען אין ווילנער געטאָ, די איבעריקע זיינען אַוועק אין פּאַרטיזאַנטקע.

אַ טייל בגדים און שיך פון די דערמאָרדעטע האָט די געשטאַפּאָ דערנאָך אַריינגעשיקט אין ווילנער געטאָ.

8־טער: אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַקציעס קעגן די פּאַרטיזאַנער, ווערן אויסגעשאָסן איבער 200 ווילנער יידן אין אַרבעטס־לאַגער אין קענע.

9־טער: 350 ווילנער יידן פון אַרבעטס־לאַגער בעזדאַן ווערן דערשאָסן.

17־טער: אַרעסט פון קאָמענדאַנט (קאָמאַנדיר) פון פ. פּ. אָ. איציק וויטנבערג. עפנטלעכע מאָביליזאַציע פון די פּאַרטיזאַנער אין ווילנער געטאָ.

18־טער: וויטנבערג ווערט פאַרפייניקט אין געשטאַפּאָ.

24־טער: אַרויסמאַרש פון אַ גרופּע פון 50 פ. פּ. אָ.־קעמפער אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

### אויגוסט

1־טער: דאָס געטאָ ווערט געשלאָסן. קיין יידישע אַרבעטער טאָרן מער נישט אַרויסגיין אַרבעטן אין שטאָט.

6־טער: די געשטאַפּאָ באַשליסט צו ליקווידירן דעם ווילנער געטאָ עטאַפּנווייז. עס ווערן אַרויסגעשיקט קיין עסטאָניע (אין וויוואַרי) די ערשטע טויזנט יידן.

19—24־טער: דער צווייטער טראַנספּאָרט יידן ווערט אַרויסגעשיקט קיין עסטאָניע.

### סעפּטעמבער

1—4־טער: ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן קיין עסטאָניע. מאָביליזאַציע פון די פּאַרטיזאַנער אין געטאָ. אַ שלאַכט צווישן די פּאַרטיזאַנער און געשטאַפּאָ ביי דעם פאַרטיידיקונגס־פּונקט אויף סטראַשונא 12. אין שלאַכט פאַלט דער גרופּן־קאָמאַנדיר איליא שיינבוים, דער קעמפער חיים נאַפּאָלעאָן א. אַנד.

10—13־טער: עטלעכע גרופּעס פּאַרטיזאַנער גייען אַוועק אין די נאַראָטשער וועלדער אין יידישן אָטריאַד „נקמה־נעמער".

14־טער: דער געשטאַפּאָ־שעף נויגעבויער האָט אַרויס גערופן צו זיך דעם יודענעלטעסטן יעקב גענס, ווו ער ווערט דערשאָסן אויפן אָרט.

16־טער: שאַפונג פון יידישן אַרבעטס־לאַגער „ה. ק. פּ.״ אויף סובאָטש גאַס 37 (אין די אַמאָליקע „ביר־ליקע הייזער״), ווו ס'ווערן איבערגעפירט פון ווילנער געטאָ ביי טויזנט יידן.

18־טער: דאָס געטאָ ווערט אַרומגערינגלט דורך דייטשן און אוקראַינער.

23־טער: ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ. דער געשטאַפּאָ־מאַן קיטעל פאַראָרדנט, אַז אַלע יידן זאָלן מיטנעמען וואָס זיי קאָנען און זיך זאַמלען אויף דעם גרויסן זומפּיקן הויף אויף סובאָטש־גאַס 20. דאָרט ווערן די יידן סאָרטירט אויף רעכטס — אין די לאַגערן פון עסטאָניע (ווו ס'גייען כמעט אַלע מענער און ביי 2000 פרויען) און לינקס — קיין מאַידאַנעק. אַלע פרויען און קינדער, אַלטע לייט און קראַנקע ווערן אָפּגעפירט אויף פּאָנאַר און דערשאָסן.

די איבעריקע פּאַרטיזאַנער, מיטנעמענדיק מיט זיך צענדליקער אַנדערע יידן, טרעטן אָפּ דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן אין די רודניצקער פּוש־טשעס, ווו עס שאַפן זיך פון זיי די יידישע אָט־ריאַדן „נקמה־נעמער״ און „אַ טויט דעם פאַשיזם״.

אַ דייטשער פּאַטרול פאַרהאַלט די מיטגלידער פון פ. פּ. אָ.־שטאַב יאַנקל קאַפּלאַן, אַבראַשע כוואָיניק און די פּאַרטיזאַנקע אַסיע ביג. די קעמ־פער שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, זיי ווערן געכאַפּט און געהאָנגען פאַר די אויגן פון די צונויפ־געטריבענע יידן אויף סובאָטש־גאַס 20.



## 1944

### מערץ

27־טער: אַקציע אויף יידישע קינדער אין די באַל־טישע לענדער. פון די צוויי יידישע אַרבעטס־לאַגערן אין ווילנע „ה. ק. פּ.״ און „קיילים״ ווערן צוגערויבט פיל יידישע קינדער און אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

### אַפּריל

15־טער: דער טונעל, וואָס עס גראָבן אין געהיים די יידישע מתים־ברענער אויף פּאָנאַר, ווערט פאַרטיק. די יידן אַנטלויפן. בלויז ביי 40 פון זיי (פון איבער 80) באַוויזן צו אַנטלויפן. אַ מאַן 20 ווערן דערשאָסן און געכאַפּט אין וועג. די איבע־ריקע (דאָגים, גאָל, זיידעל, פּאָטאַנין, בלאַזער, פאַרבער, סענין א. אַנד.) דערגרייכן איז די רוד־ניצקער פּושטשעס צו די פּאַרטיזאַנער.

### יולי

13־טער: ווילנע ווערט באַפרייט דורך דער רויטער אַרמיי מיט דער מיטהילף פון ווילנער יידישע פּאַרטיזאַנער־מחנות פון די רודניצקער פּושטשעס.

19־טער: 2000 ווילנער יידן ווערן דערמאָרדעט און פאַרברענט אין עסטאָנישן לאַגער קלאָגע.

## 1945

### יאַנואַר

29־טער: ביי צוויי טויזנט ווילנער יידן פון עסטאָנישע און דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווערן דער־שאָסן אָדער לעבעדיק אַריינגעוואָרפן אין באַלטישן ים ביי קעניגסבערג 20 קלמ. פון דאָרף פּישהאַוזען.

# פלאַסטישער פּלאַן פון ווילנער געטאָ

אויסגעפירט געוואָרן אומלעגאַל אין געטאָ אין 1943 י. דורך אַ גרופּע יידישע ווילנער קינסטלער, פון וועלכע דאָס רוב איז אומגעקומען.

(געפונען געוואָרן נאָך דער באַפרייונג פון ווילנע אין אַ דייטשער אינסטיטוציע און געפינט זיך איצט אין ווילנער יידישן מלוכהשן מוזיי)

### דערקלערונגען:

1. הויפּט־טויער פון געטאָ (ראָג רודניצקער און שפּיטאָל־גאַס, אַנטקעגן קלויסטער פון „אַלע הייליקע“)
2. די פאַרצוימונגען און ווענט אַרום דעם געטאָ (אין זעקס ערטער: א) שפּיטאָל־גאַס ביי רודניצקער, ב) שפּיטאָל־גאַס ביי זאַוואַל־נע, ג) סטראַשון־גאַס – ראָג זאַוואַלנע, ד) סטראַשון־גאַס – ראָג גיטקע־טויבעס־זאַוולעק, ה) יאַטקעווער גאַס ביי דייטשע און ו) רודניצקער ביי ברייטע גאַס).
3. סטראַשון־גאַס נומ. 6 (וווּ ס'זיינען געווען די „פּרורים־יאַטקעס“ און ביבליאָטעק „מפיצי־השכלה“). אין געטאָ–דער 1־טער יודענראַט, די געטאָ-באַר, די געטאָ־תּפיסה און אויפן קליינעם הויפל דאָס ספּאָרט־פּלעצל פון געטאָ. דאָ, אונטער דער ערד, זיינען געווען מושטיר־קאַמערן און אַ געוויסע צייט דער שטאַב פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע (פ. פ. אָ.).
4. יידישער שפּיטאָל („הקדש“). דער הויפּט־אַריינגאַנג אין שפּיטאָל פון זאַוואַלנע גאַס אויף דער אַרישער זייט, איז געווען געשלאָסן. דער אַריינגאַנג האָט געמוזט זיין בלויז פון שפּיטאָל־גאַס נומ. 11.
5. רודניצקער גאַס נומ. 6 (בנין פון דער געוו. יידישער רעאַל־גימנאַזיע) אין געטאָ – יודענראַט, געטאָ־פּאָליציי־קאָמאַנדע, געטאָ־טעאַטער און מעכאַניזירטע געטאָ־וואַרשטאַטן.
6. דער דאָזיקער טייל פון פּלאַן, וואָס האָט פאַרגעשטעלט די רעכטע זייט פון רודניצקער, אַ טייל פון „אַלע הייליקע“, קאַרמעליטן און קאָנסקע־גאַס איז באַשעדיקט געוואָרן אַרומוואַלגערנדיק זיך אין די דייטשע אינסטיטוציעס.

פּלאַן פון ווילנער געטאָס



א. צינצינאטוס

# שאָטנס פון ווילנער געטאָ

(עטלעכע סילועטן פון ווילנער יידישע געזעלשאפטלעכע טוער און שרייבער)

ווילנע — „ירושלים ד״ליטא". ענגע, געדרייטע, מיטלאלטערלעכע געסלעך. כאראקטעריסטישע בנינים, ספּעציפישע ארכיטעקטור, אייגנארטיקער סטיל. א שטעמפּל פון יארהונדערטער ליגט אויף דעם **גאנצן יידישן קווארטאל. יעדער שטיין, יעדעס ציגעלע** דערציילט וואונדערבארע געשיכטעס נאך פון די ווייטע צייטן, פון די ליטווישע גרויספירשטן, וועגן גדולים באריימטע יידן, וועלכע האבן דא, ביי די ברעגעס פון דער ווילִיע, געבויט די באריימטע „ירושלים **דליטא" — דעם גרויסן צענטער פון תורה און** חכמה, און שפּעטער פון מאדערנער, וועלטלעכער יידישקייט.

די דאזיקע גרויסקייט און באריימטקייט איז אויסגעוואקסן טאקע אין דעם דאזיקן ענגן צונויפ**געקאַרטשעטן קווארטאל, ווו אין צענטער געפינען** זיך דאקומענטן — עדות פון דער פארגאנגענהייט.

די דייטשע גאס, דורכגעשניטן מיט ענגע, שמאלע געסלעך, מיט רעשטלעך פון אמאָליקן געטא, סימנים פון טויערן, וועלכע פלעגן אמאל ביינאכט אָפּגעשלאסן ווערן — אין דערמיט דער שול־הויף מיט זיינע צאָלרייכע קלויזן — פון שניידער, קצבים, איינבינדער, דרוקער, **שוסטער.**

די דאזיקע קלויזן זיינען געווען נישט נאר בתי־תפילות, נאר אויך דער צענטער פון די פארשידענע יידישע האַנטווערקער־צעכן. אין די קלויזן האט מען זיך אויסגעלעבט סיי רעליגיעז, סיי געזעלשאַפטלעך.

דאָ אין געטא האבן געלעבט און געשאפן די באריימטע יידן, ווי דער ווילנער גאון ר׳ אליהו, די היסטאריקער גינזבורג, פין, שולמאן. דא זיינען דערשינען די ווערק פון די פיאנערן פון דער יידישער ליטעראטור — **אייזיק מאיר** דיק, גארדאן, אליקום צונזער.

ווילנע איז אויך געווען דאס וויגעלע פון גרויסע יידישע קינסטלער מיט א וועלט־נאמען: מארק אנטאקאלסקי — **דער געניאלער סקולפּטאר,** שעפער פון „נתן הנביא", „חריף", „דער קארגער", „דער **טויט פון סאָקראטעס" און אנד.**

דאָ אין ווילנער געטא איז אויך געקומען אויף דער וועלט **דער גרויסער ענטוזיאסט פון רענעסאנס — דער אויטאר פון „די פלארענטינישע נעכט",** גלענצנדער סטיליסט פון דער פוילישער שפּראך, **יוליוש קליאטשקאָ, וועלכער האט שפּעטער זיין פאלק פארלאזן.**

**דער** היטלעריסטישער שטורם האט אָפּגעמעקט פון דער אויבערפלאך ווילנע — „ירושלים ד״ליטא" — דעם ציטאדעל פון תורה און חכמה, פון מאדערנער יידישער קולטור, דאס וויגעלע פון יידישע געזעלשאפטלעכע באוועגונגען.

## ד״ר יעקב וויגאָדסקי

טאָג־טעגלעך עלף אזייגער אין דער פרי. אן עלטערער הער שפּאצירט איבער די יידישע גאסן. זיין שטעקן גייט פאראויס, קלאפּט אין ברוק. ער קוקט זיך ארום. ער שטעלט זיך אָפּ ביי די יידישע קראמען. יעדער ווילנער ייד באגריסט אים.

ווער קען אים נישט? קינד און קייט, אלע מארקהענדלער, איבערקויפערינס. אלע פארערן אים, דעם אלטן דאקטאר — ד״ר יעקב וויגאדסקי.

ער איז א מענטש שוין אין די סאלידע זיבעציקער יארן, אבער פריש און מונטער, שטענדיק באַפּייט מיט גלויבן **און האפענונג. פאר יעדן** האט ער א גוט ווארט, ער שפּרודלט מיט וויציקייט און שארפזיניקייט.

ד״ר יעקב וויגאדסקי — דער סימבאל פון קאמף פאר יידישע רעכט — אין פוילישן סיים, אין דעם **ווילנער שטאָט־ראַט, אַ פערמאנענטער שתדלן פאר** אָרעמעלייט און געפאלענע מענטשן. זיין „שתדלנות" איז געווען אן אויסדרוק פון א שטארק־אנטוויקלטן געוויסן, פון גרויסער מיטלייד פאר יעדן אומגליקלעכן און געפייניקטן.

דער אלטער דאקטאר האט נישט נאר דעם קערפּער געהיילט, נאר אויך די נשמה. זיין לאזונג אויפן געביט פון געזעלשאפטלעכער אַרבעט איז געווען — „מ׳דארף העלפן דעם „כלל־ישראל" און „ר" ישראל".

דאס איז געווען א זעלטענע און מערקווירדיקע פערזענלעכקייט, א סינטעז פון איידלקייט, קאמפּלוסביקייט, שלאגפערטיקייט, ארבעטזאמקייט און פאלקסטימלעכקייט. און איבער די אלע אייגנשאפטן **האָט געוועלטיקט נאַטירלעכער הומאָר און וויציקייט.** אויך זיינע עפנטלעכע ארויסטרעטונגען אין סיים, ווילנער שטאט־ראט און קהלה־פּלענום, האבן זיך אויסגעצייכנט מיט שארפער וויציקייט און בייסיקן **סארקאזם.**

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דעם ד״ר וויגאדסקי אויסגעקומען אָפט צו אינטערווענירן ביי דער דייטשער אָקופּאציע־מאכט וועגן יידישע ענינים. דער אפּראָוויזאציע־מצב איז אין ווילנע געווען זייער א שווערער און די יידישע באפעלקערונג האט געליטן הונגער. ד״ר וויגאָדסקי האט בעת אן אינטערווענץ ביים שטאט־הויפּטמאן זיך אויסגעדריקט זייער שארף: „אויב מ׳האט נישט צו פרעסן — דארף מען נישט פירן קיין מלחמות".

דערפאר איז ער פארשיקט געוואָרן אין א קאנצענטראציע־לאגער אין דייטשלאַנד.

אָט איז אן אנדער עפּיזאד: אין די צייטן פון דער אלמעכטיקער הערשאַפט פון דער סאנאציע, ווען דער ווילנער שטאט־ראט איז געווען אן ארענע פאר א פארשארפטער אנטיסעמיטישער קאמפּאניע, ווערט באהאנדלט די פראגע וועגן איינפירן אן אָפּצאָל פאר האלטן הינט. די נישט־יידישע ראטמענער זיינען קעגן איינפירן אזא באשטייערונג. ד״ר וויגאָדסקי **נעמט א ווארט** און דערקלערט: — איך בין פאר

דעב דאזיקן שטייער, מחמת איר, וועלנדיק פארקלענערן דעם יידישן איינפלוס. האט געשאפן א „גרויס־ווילנע", האט איר א סך הינט, וועלכע מוזן פארגרעסערן די שטאטישע הכנסות. נישט־יידישע ראטמענער האבן הארציק געלאכט און אראפגעשלונגען דעם בייסיקן וויץ פון דעם אלטן געאכטן דאקטאר.

זיין ווארטע־צימער איז שטענדיק פול געווען מיט פאלקס־מענטשן, בעלי־מלאכות, ארבעטער, מארק־הענדלער — יעדער איז געקומען „אויסרעדן זיין ביטער הארץ" פאר דעם אלטן דאקטאר. —

דאס לעצטע מאל האב איך אים געזען דעם 17־טן אקטאבער 1939. אין אן ענגער מסיבה, אין וועלכער עס האבן זיך באטייליקט די באקאנטע ווילנער געזעלשאפטלעכע טוער ד"ר שאול טראצקי, אינזש. קלעבאנאוו — דער פארשטייער פון דער „יקא" פאר פוילן און די באלטישע לענדער, דירעקטאר פון דער ווילנער יידישער קהלה ווערבלינסקי. מיר האבן באהאנדלט פארשידענע פראגן אין שייכות מיט דער געענדערטער פאליטישער סיטואציע.

אין דער זעלבער נאכט האט זיך אויך אנטשידן מיין גורל און איך בין אויף אייביק שוין אפגעריסן געווארן פון ווילנע.

די דערהויבענע פערזענלעכקייט פון ד"ר וויגאדסקי, זיין אנטשלאסנקייט און עקשנות, זיין גרויסע ליבע צום יידישן פאלק — האט מיך באגלייט אויף מיינע ווייטע שווערע וואנדער־וועגן.

די היטלעריסטישע הענקער האבן דעם אלטן דאקטאר פארפייניקט אין לוקישקער תפיסה, אבער זיין וווּנדערבארע פערזענלעכקייט וועט שטענדיק בלייבן אין אונזער זכרון אלס א סימבאל פון עקשנות, אויסגעהאלטנקייט און מענטשלעכקייט.

## א. י. גאָלדשמידט

אַ פארשמייעטער ייד אין אָפּגעלאָזענע בגדים לויפט איבער די ווילנער יידישע גאסן מיט אַ פּעקל ביכער אונטערן אָרעם. אלע האָבן אים גוט געקענט— דאָס איז א. י. גאָלדשמידט.

א. י. גאָלדשמידט איז געווען איינער פון די אינטערעסאנטסטע שרייבער־טיפּן אין דער צאָלרייכער גאַלעריע פון יידישע פּען־מענטשן אין ווילנע.

וואָס האָט אים כאראקטעריזירט: אומגעוויינלעכע אַרבעטסזאמקייט, אייביקע אומצופרידנקייט מיט זיך און מיט די אַרומיקע, און טענות צו דער גאנצער וועלט.

אזעלכער איז ער געווען שוין אין די יונגע יאָרן, אין זיין אָרעמער היים אין לעטלאנד. שטענדיק איז ער געווען אַ ווידערשפּעניקע, רעוואָלטירנדיקע נאַטור און זיך נישט אַריינגעפּאסט אין דער סביבה.

א. י. גאָלדשמידט האָט שטענדיק געזוכט, געפאָרשט — ער האָט אין אלע אידעען אויף דער יידישער גאס געפונען עפּעס שיינס, גערעכטס, דערהויבנדיקס און אָפּגעקלאפּט די טירן פון פאַרשידענע ריכטונגען, אָבער קיינע האָט אים נישט באַפרידיקט.

פון וואָלאָזשינער ישיבה האָט ער געטראָפן אין די צאַרישע טורמעס פון דענעבורג, ווילנע, טשערניגאָוו, נאָוואָזיבקאָוו און אַנד. פון איין טורמע ביז דער צווייטער האָט ער געכאַפּט אַן אָטעם־פּויזע — געאַרבעט אין פּאָליטישע פּאַרטייען און געשריבן.

א. י. גאָלדשמידט האָט פארמאָגט אַן ענציקלאָפּעדישע בילדונג, אַ גלענצנדיקן זכרון און זיינע פּאַראינטערעסירונגען זיינען געווען זייער ברייטע.

ער האָט געשריבן וועגן אלעקסאנדער הערצן, רודאָלף אויקען, הירש לעקערט, עלען קיי, וועגן ר' עקיבא און בר־כוכבא, וועגן שול־און דערציונגספּראָבלעם.

כאַראַקטעריסטיש: א. י. גאָלדשמידט האָט געקענט די פּסעוודאָנימען פון אלע יידישע און העברעישע שרייבער אין דער וועלט.

פיל יאָרן פון זיין לעבן האָט ער געווידמעט דער ווילנער יידישער היסטאָרישער געזעלשאפט אויפן נאָמען פון ש. אנ—סקי. ער האָט די היסטאָרישע דאָקומענטן, די אלטע אייגנאַרטיקע הענגל-לייכטער, די שבת־טשייניקעס, סאמאָווארן, זעלטענע מאנוסקריפּטן — געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ.

א. י. גאָלדשמידט איז אויך געווען אין פארלויף פון לאנגע יאָרן אַ לערער אין די יידישע שולן פון יידישער און אלגעמיינער געשיכטע און ער האָט דערצויגן אַ גאנצן דור פון יידישער יוגנט.

ער איז אומגעקומען אין די ערשטע טעג פון דער היטלעריסטישער ממשלה אין ווילנע.

א. י. גאָלדשמידט איז אַן אָריגינעלע פּערזענלעכקייט וואָס קריצט זיך איין אויף אייביק אין זכרון.

## חייקל לונסקי

חייקל לונסקי — א מאדערנער תנא פון דער קאטעגאריע פון חנינא בן דוסא. א סימבאל פון באשיידנקייט. א מין נחבא אל הכלים.

חייקלען, דעם פארוואלטער פון דער זעלטענער סטראשון־ביבליאטעק, האבן אלע געקענט — שילער פון די יידישע און העברעישע פאלקס־ און מיטלשולן, פון די סעמינארן, סטודענטן פון אוניווערזיטעט, יידישע זשורנאליסטן און שרייבער. אבער ער האט זיך שטענדיק געהאלטן אין שאטן.

די סטראשון־ביבליאטעק איז געווען זיין גאנצע וועלט. מיט א געוואלטיקער פיעטעט האט ער געזאמלט ביכער, זעלטענע מאנוסקריפטן, היסטארישע דאקומענטן און געהיט דאס אל, ווי אן אויג אין קאפ. ער האט עס באטראכט אלס זיין לעבנס־מיסיע אפּצוהיטן דעם דאזיקן גרויסן טעמפל פון יידישן גייסט. ער איז מיט דער סטראשון־ביבליאטעק צונויפגעוואקסן געווארן און געווען איר טרייער שומר.

זיין פנים האט געשטראלט פון שמחה, ווען די לאנגע טישן אין דעם גרויסן זאל זיינען געווען געדיכט באזעצט דורך א פארשידנארטיקן עולם — שילער, סטודענטן, שרייבער, פראפעסארן פון ווילנער אוניווערזיטעט, און נישט זעלטן אויך פון גלחים.

חייקל איז געווען א לעבעדיקער קאטאלאג. יעדער האט זיך בעראטן מיט אים ווי צו געפינען אן ארטיקל, ווי פעסטצושטעלן א דאטע און ער, חייקל, איז געווען געדולדיק און יעדן דערפילט זיין פארלאנג.

ער האט נישט געשריבן קיין טיפזיניקע ביכער, ער איז נישט געווען קיין שריפטשטעלער, קיין זשורנאליסט — און דאך איז זיין נאמען פארבונדן מיט דעם גייסטיקן לעבן פון ווילנער יידן פאר די לעצטע צענדליקער יארן.



לייען־זאַל פון סטראַשון־ביבליאָטעק
(פאָטאָ פון 1925 יאָר)

רעכטס ביים פענצטער שטייט דער ביבליאָטעקאַר ר' חייקל לונסקי ע״ה, אַנטקעגן צווישן עולם דער געזעלשאַפט־לעבער טוער ר' זלמן־נוח קליינשטיין ע״ה.



פראַגמענט פון דער חרובער סטראַשון־ביבליאָטעק.

(געזען פונעם „דורכהויף". פון אויבן — דער שפּיץ פון דער מזרח־וואַנט פון שטאָט־שול, וווּ ס'איז געווען דער באַרימטער „גאַלעריע־באַלקאָן").

צו חייקל לונסקי קאָן מען טאַקע אָנווענדן דעם אַפּאָריזם וועגן חנינא בן דוסא: „ווער ס'איז געליבט פון מענטשן, איז אויך געליבט פון גאָט".

חייקל לונסקי האָט געהאַט אַ באַזונדערן אינטערעס פאַר דעם אַלטן ווילנע. ער האָט געשריבן וועגן די ווילנער קלויזן, וועגן דעם אַלטן בית הקברות ווי אויך וועגן ווילנער געטאָ.

אָבער נאָך אַ „פּראָפעסיע" האָט חייקל לונסקי געהאַט. ער האָט זיך פאַרנומען מיט „מתן בסתר" — געזאַמלט געלט און עס פאַנאַנדערגעטיילט צווישן די נויטבאַדערפטיקע מתפללים פון די צאָלרייכע קלויזן פון שול־הויף.

און דאָס אַלץ האָט לונסקי געטאָן אָן רעש און טומל, ווייל בכלל איז ער געווען אַ שווייגער.

אין געטאָ האָט ער פאַרוואַלטעט מיט די רעשטלעך פון די ווילנער יידישע ביבליאָטעקן.

די דייטשע וואַנדאַלן האָבן דעם גרויסן ביכער־טעמפּל חרוב געמאַכט און זיין געטרייען שומר, חייקלען דערמאָרדעט.

## זעליג הערש קאַלמאַנאָוויטש

אַ טיפּ פון אַ געלערנטן, אַ פאָרשער, אַ תלמיד־חכם. ער איז אָבער נישט געווען אַ תלמיד־חכם פון דעם טיפּ פון סטאָיקער. פאַרקערט, ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט און האָט לעבהאַפט רעאַגירט אויף אַלע דערשיינונגען פון יידישן און נישט־יידישן לעבן.

ער איז געבוירן געוואָרן אין קורלאַנד און ביז 15 יאָר פאַרבראַכט אין דער ישיבה. שפּעטער איז ער געוואָרן אַן עקסטערן און שטודירט סעמיטישע פילאָלאָגיע אין בערלין און קעניגסבערג.

אין יאָר 1921 איז ער געווען לעקטאָר פון דער יידישער שפּראַך אויף די לערער־קורסן אין מינסק. אַ ריי יאָרן האָט ער געאַרבעט אין קאָוונע אין דער „קולטור־ליגע", ווי אויך אַלס לערער אין די יידישע און העברעישע שולן פון ריגע, קאָוונע און פּאָניעוועזש.

קאַלמאַנאָוויטש האָט פיל געשריבן וועגן יידישער פילאָלאָגיע. אין זיין ווערק „ניי־יידיש" האָט ער באַהאַנדלט די באַרבאַריזמען און דייטשמעריזמען אין דער יידישער וויסנשאַפטלעכער און פּובליציסטישער פּראָזע־שפּראַך. ער האָט אויך איבערזעצט אויף יידיש אַ גאַנצע ריי היסטאָרישע ווערק, ווי שמעון דובנאָווס „יידישע געשיכטע", עמיל שירערס „די געשיכטע פון יידישן פאָלק אין דער צייט פון בית שני", „די יידישע מלחמות" — פון יוסעפוס פלאַוויוס, עמערסאָנס עסיי — „וואָס איז קונסט", מאַקס בראָדס ראָמאַן — „די פרוי פון אונזער בענקשאַפט", יזשעק לאַנדאַ[illegible] ראָמאַן — „די ליבע פון דריי הערצער", פּאָליאַקאָוו ליסאָווצעווס „שבתי צבי" און פיל אַנד.

ער האָט פיל געזאָרגט פאַר דער ריינקייט פון דער יידישער שפּראַך און איר פאָרם. קאַלמאַנאָוויטש איז אָבער נישט געווען אַ טיפּ פון אַ קאַבינעט־געלערנטן. ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די אַקטועלע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן.

זיין פּאָליטישע קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן נאָך אין די צאַרישע צייטן פון די א. ג. „סיימיסטן" — אַ יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועלכע האָט געזען די לייזונג פון דער יידישער פראַגע אין די גלות־לענדער דורך אויטאָנאָמיע.

די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ער געאַרבעט אין ווילנע אַלס וויסנשאַפטלעכער לייטער פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — און ער האָט די דאָזיקע אינסטיטוציע מיט זיין ענערגיע און פאַכקענטעניש דערפירט צו אַ הויכער מדרגה.

קאַלמאַנאָוויטש איז אָבער געווען אַ מענטש מיט ברייטע האָריזאָנטן און דעריבער האָט ער זיך נישט געקענט אויסלעבן אין דעם „סדום־בעטל" פון עקסטרעמקייטן. דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ סך עגמת־נפש, מחמת זיינע פריינט, וועלכע האָבן אים שטאַרק געשעצט, האָבן אים נישט געקאָנט מוחל זיין די אַפּיקורסישע געדאַנקען.

איך דערינער זיך אָן אָוונט, וואָס איז אין ווילנע אַראַנזשירט געוואָרן אין אַ פּריוואַטער וווינונג פון אַ וויכטיקן יידישן געזעלשאַפטלעכן טוער אין שייכות מיט דעם באַזוך פון אַ פאָרשטייער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. דאָס איז געווען שוין אין די פינצטערע יאָרן פון היטלעריסטישן אָנגריף — אַ גאַנצע נאַכט איז מען געזעסן און אַרומגערעדט דאָס יידישע פּראָבלעם. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן מיר אַלע געהערט די אויספירונגען פון קאַלמאַנאָוויטשן, וואָס זיינען געווען באַגרינדעט אויף אַ טיפער קענטעניש פון יידישער געשיכטע, סאָציאָלאָגיע און עקאָנאָמיק.

די דאָזיקע געדאַנקען האָב איך שפּעטער געפונען אין קאַלמאַנאָוויטשעס אינטערעסאַנטן אַרטיקל אין דעם זאַמלבוך „אויף שייד־וועגן" — וואָס איז דערשינען אין פּאַריז פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין די שרעקלעכע צייטן אין ווילנער געטאָ און שפּעטער אין לאַגער אין נאַרווא האָט זיך קאַלמאַנאָוויטש נישט צוזאַמענגעבראָכן.

די היטלעריסטישע מנוולים האָבן דעם יידישן געלערנטן געגעבן אין נאַרווא די „פּראָפעסיע" פון אַ ריייניקער פון די קלאָזעטן. דער גרויסער אוהב ישראל האָט מיט דער גלייכגילטיקייט פון אַ סטאָיקער אויסגעפירט זיין אַרבעט. ער פלעגט זאָגן — „איך רייניק דאָך די אומריינקייטן פון יידן".

אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן האָט ער זיך געפילט גליקלעך, וואָס זיין זון געפינט זיך אין ארץ־ישראל. ער איז געשטאָרבן מיט אַ טיפן גלויבן אין דער נישט צעשטערבאַרקייט פון יידישן פאָלק און אין דעם אויפבוי פון אַ יידיש לעבן אין ארץ־ישראל.

* * *

אונטער די חורבות פון ווילנער געטאָ איז באַגראָבן געוואָרן נישט נאָר אַ שטאָט פון אַלטער יידישער קולטור, פון גרויסע טראַדיציעס — נאָר אויך אַ פּלעיאַדע פון הערלעכע יידישע פּערזענלעכקייטן, מענטשן פון וויסן, געדאַנק און וואָרט, מענטשן וואָס זיינען מיט זייער לעבן און אַרבעט געווען דער סימבאָל, דער אויסדרוק פון דעם, וואָס מ'האָט אַמאָל גערופן „ירושלים דליטא".

## מיכאל און צבי ראיאק

# צוזאמען געלעבט, צוזאמען אומגעקומען

— חבל עליך יקרת המדינות!

— ארורה השמש למה לא חשכה בשעה שנכנס האויב! —

(מתוך אגדות על חרבות ירושלים)

.1

צוזאמען מיט דער מוטער זיינען אויך אומגעקומען אירע קינדער, וועלכע האבן פון איר געצויגן זייער זאפט, זייער יניקה; וועלכע האבן זיך לעבן איר געוואָרעמט, באשטראלט געווען פון איר ליכט, געאָטעמט מיט איר לופט, געשפייזט זיך פון איר פרוכט. — דעם גורל פון ווילנע האבן געטיילט אויך די שטעט פון ווילנער אומגעגנט.

לאמיר זיך דערמאנען, ווי אזוי די שטעט און שטעטלעך פון ווילנער סביבה זיינען געווען צוגעבונדן צו ווילנע און זי צו זיי. האט מען זיך רעגעקענט פארשטעלן די פראווינץ אָן ווילנע און ווילנע אָן איר פראווינץ! א ים מענטשן האבן שטענדיק געשטראמט פון די ארומיקע ישובים קיין ווילנע און צוריק. נישט בלויז סוחרים זיינען אהין נאך סחורה געפאָרן, נאר דאס גאנצע געזעלשאפטלעכע לעבן פון דעם ארום איז דאך געקניפט און געבונדן געווען מיט דער מוטער־שטאט. שטענדיקע צוזאמענפארן, קאנפערענצן און באראטונגען פון כל־ערליי געזעלשאפטלעכע, עקאנאמיש־ווירטשאפטלעכע און פאליטישע ארגאניזאציעס און קערפערשאפטן. היינט אויפן קולטורעלן געביט, אויפן געביט פון תורה און בילדונג: די יידישע און העברעישע שולן, לערער־סעמינארן, און ישיבות — ווו נאר איר האט זיך נישט קיין קער געטאן — אומעטום איז פול געווען מיט יוגנט, פול מיט תנוקות של בית־רבן פון דער ווילנער פראווינץ.

„וילנה, סבתי הגדולה, עיר ואם בישראל, ירושלים של גלות, נחמת עם קדם בצפון" — הייבט אָן דער העברעיש־יידישער פּאָעט זלמן שניאור זיין פּאָעמע וועגן ווילנע.

ווילנע איז געווען די טרייסט, דער שטאלץ פון דער גאנצער יידישער וועלט און כל־שכן פון די צענדליקער און הונדערטער ישובים, וועלכע האבן זיך ארום איר גרופירט.

.2

זלמן שניאורס „באָבע" איז נישט געווען קיין גרויסהאלטערין. זי איז געווען גאנץ באשיידן און פלעגט אויך אָפּט פאָרן צו אירע קינדער. אין די פארשידענע יום־טובים און די פייערונגען אין די פראווינץ־שטעט האבן שטענדיק אנטיילגענומען ווילנער עסקנים, קולטור־טוער, דיכטער און געסט. אט איז א סיום אין א שול און עס באטייליקט זיך אין דעם יום־טוב דער באוווסטער ד"ר וויגאדסקי; א סיום אין א צווייטער שול — און עס יומטובט מיט דער באקאנטער ד"ר שאבאד; איז א פארזאמלונג אין א פאלקס־באנק, אין א גמ"ח־קאסע, אין א וועלכן עס איז פאריין — וועט איר דארט אויף זיכער טרעפן פארשטייער פון ווילנע. האט מען ווו אין דער פראווינץ געשאפן א נייעם אנשטאלט, געלייגט אן אבן־פנה, אָדער געפראַוועט אַ חנוכת־הבית פון אַ געזעלשאפטלעכן בנין, האבן געמוזט זיין געסט פון ווילנע.

אויך אין ליידן האט דאס יידישע הארץ פון ווילנע זיך געקארטשעט צוזאמען מיטן הארץ פון אירע פראווינץ־שטעט. איז אויסגעבראכן אין גלובאָק א גרויסע שרפה און יידן זיינען געבליבן אָן א דאך, זיינען אין עטלעכע שעה ארום שוין געווען דארט ווילנער יידן מיט זייער ערשטער הילף; האט זיך געמאכט א געוו־סער אין דיסנע, און יידן האבן שטארק געליטן, זיינען די ווילנער באלד געקומען מיט הילף צו די געליטענע. — אזוי איז געווען געבונדן ווילנע מיט אירע שטעט — איין קייט, איין בוים, א שטאם מיט צווייגן, א מוטער מיט קינדער, א גרויסער רוישיקער טייך מיט זיינע ביי־טייכן ארום, א לעבעדיק, צאפלדיק יידיש הארץ מיט זיינע ארטעריעס, מיט זיינע בלוט געפעסן.

און דאָס הארץ האָט געפּלאצט, איז געוואָרן צעריסן, צעריסן זיינען אויך זיינע ארטעריעס, זיינע בלוט - געפעסן. מיט קארגע דריי א האלב יאר צוריק האט זיך אָפּגעשטעלט איר לעצטער אטעם. „אוי לו לאב שגלו בניו ואוי להם לבנים שהגלו מעל שלחן אביהם"... נישטא דער טיש, נישטא די מוטער, נישט פאראן זיינען די קינדער, די משפחה איז צעריסן. — עס איז פארבליבן א גרויסער פּאַנאַר, פעלדער און וועלדער מיט הרוגים, קופעס אש.

---

ווען אין די ערשטע חדשים נאכן אנקומען פון די דייטשן האבן אין די ווילנער פראווינץ־שטעט אנגעהויבן שטראמען פליטים פון ווילנע, אנטלויפנדיס פון די גרויזאמע געשעענישן, וואָס זיינען דארטן פארגעקומען, האט מען אויף דער פראווינץ געמיינט, אז דאס איז שולדיק דאס ארט, המקום גורם — ליטע מיט די ליטווינער, וועלכע זיינען גרויסע אנטיסעמיטן.

ווען אין די ווינטער חדשים פון 1941—42 זיינען פון ווילנע קיין גלובאָק געקומען צו לויפן משה שאליטם פרוי און טאכטער, באמיליע פייגעל, ש. קאטשערגינסקי א. א. און איבערגעגעבן וועגן די גרויליקן דארטן, האבן די גלובאָקער יידן מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען זיך באמיט ווי נישט איז ארויסצוראטעווען פון דארט זייערע נאענטע. מיט פיל קאסטבארע חפצים האבן זיי אונטערגעקויפט די דייטשע שאפערן, און זיי האבן אויף זייערע מאשינעס אריבערגעפירט פון דארט מענטשן. עס איז געבראכט געוואָרן זלמן גארדאנס משפחה, משפחה האבערמאן, פעסענזאָן, הרב קאצס פיר יאריק אייניקל, וואס אירע עלטערן, הרב הלל זאלמאנאוויטש און זיין פרוי, זיינען שוין געווען אומגעבראכט אין ווילנע. אזוי איז אויך געווען אין אשמענע, וווהין עס זיינען אין דעצעמבער 1941 געקומען צולויפן די ארטיסטין ווינטער מיט איר זון, אדוו. בונימאָוויטש א. א., וועלכע זיינען דארט באלד אומגעקומען. דאס זעלבע איז פארגעקומען אין לידע, ווארענאווע, פּאַ־

סטאוו א.א.וו. אמת, די אלע שטעט פון ווילנער אומגעגנט זיינען שוין ביז דאן גענוג באשפריצט געווען מיט יידיש בלוט; די יידן אין די אלע שטעט האבן דערשפירט דעם טעם פון די דייטשן און זייערע ארטיקע פריינט תיכף נאך זייער אָנקומען.

פאר די אומגעבראכטע איינציקע קרבנות האבן די יידן כסדר פאר זיך אליין געזוכט „פארענטפערונגען", „בארעכטיקטע סיבות", צוליב וועלכע עס איז דערשאסן געוואָרן דער אדער יענער. אזוי, צ. ב. האבן „געזינדיקט" ד״ר קאָוואַרסקי אין סווענציאן, ייער פעלדשער געלער יהושע, דריזענשטאַק לוי־יצחק, בידאיז שמעון אין גלובאק — זיי זיינען ארויסגעטראטן דעם ערשטן מאי אויף מיטינגען; אין קריוויטש האבן די יידן באצאלט מיט בלוט פארן „חטא", וואָס די סאָוויעטן האבן פון דארט ארויסגעפירט פיינטלעכע עלעמענטן; אין בראסלאוו האבן די יידן ארויסגערופן אן אָנפלי פון סאָוויעטישע אעראָפלאַנען; אין וואסילישעק איז די פרוי חנה קאַין ארויס אין גאס קריגן א ביסל גדויפן פאר איר קראנקן קינד; אין מיאדזיאל האבן הינט דערפאר צעריסן שטיקערווייז דעם רב אברהם שמואל קאַשטשעווסקי, ווייל מען האט אין שטעטל געפונען לענינס און סטאלינס ביוסטן; אין גלובאק האט דער 60 יאריקער מאטע גורעוויטש באגריסט זיך פון דער ווייט מיט א באקאנטן קריסט; די אלטע פרוי רודערמאן האט געטראגן צוויי אייער; דעם קצב צענציפאר שלום האט מען געכאפט מיט א האן; 40 מענטשן האבן בכלל געהאט א „שלעכטע אויפפירונג" האט מען זיי מיט זייערע משפחות דערשאסן; אנדערע האבן צו שוואך באגריסט די דייטשן, און אנדערע, פארקערט, האָבן שוין „צו העפלעך" זיך באגריסט. מיט איין וואָרט מען האט געזוכט און טאקע „געפונען" אויסריידן, „באגרינדונגען" פאר דעם אדער יענעם מאָרד...

ערשט, ווען אין די ווינטער־חדשים פון יאר 1942 האבן זיך אנגעהויבן מאסן־שחיטות אין פראזאסאק, האלוביטש, יאד א. א. שטעט פון מערב־ווייס־רוסלאנד, האבן שוין די יידן פון ווילנער געגנט דערזען, אז די מגפה איז געקומען נישט נאר אויף ווילנער יידן, נאר זי טראגט זיך אויך אויף די מזרחדיקע ישובים. ווען אין אנפאנג אפריל 1942־טן האָט מען אין אַ פרימאָרגן פינף אַזייגער פארטאָג אין גלובאקע אראָפגעשלעפט פון די בעטלעך 110 יידן, נישט אנגעטאענע זיי אָפגעפירט קיין בארא אוז היכף דארט דערשאסן, און קיין „סיבה", קיין „פארענטפערונג" אויף דעם האט זיך בשום אופן נישט געלאזט געפינען, איז קלאר געוואָרן די לאגע פון דער ווילנער מזרח־פראווינץ.

דער פרילינג 1942 איז שוין אויך דארט פארפלייצט מיט יידיש בלוט. עס קומען פאר גרויסע מאסן שחיטות אין דאלהינאוו, קריוויטש, דאקשיץ, קורעניץ, בודסלאוו, ווילייקע, איליע, וואסילישעק א. א. די לאגע איז א קלארע, עס איז נישט נאר פיין און צער, נישט נאר קנעכטשאפט און מאטערנייש, הונגער און נויט — עס איז טייכן בלוט, כליון, אויסראטונג. די ס. ס.־לייט פארן ארום איבער שטעט און שטעטלעך און קערן אוים די יידן מיט א מ נ א ט א ־ ה י ש מ ד, מיט א פארניכטונגס־בעזעם.

אין די חדשים פון מאי און יוני 1942־טן ווערן שוידערלעך ליקווידירט די יידן פון דרויע, דרויסק, שארקאווטשיזנע, בראסלאוו, גערמאנאוויטש, דאקשיץ, לוזשקי, ווראנאָווע און פיל אנדערע.

דעם 19־טן יוני 1942 יאר ווערט אויף א שוידערלעכן אופן דורכגעפירט א גרויזאמע שחיטה פון 2.500 יידן אין גלובאק. די דייטשן גיבן דאן אן אין ראדיא וועגן דער אנטדעקונג פון א ברייטער פארטיזאנישער נעסט מיט א רב בראש.

דעם 3־טן אויגוסט ווערט ליקווידירט וואלאזשין, ענדע אָקטאָבער — בודסלאוו, דעם 23־טן נאָוועמבער — דונילאָוויטש און פאסטאוו, ענדע מערץ 1943 - די געטאס אשמענע, סווענציאן, מיכאלישעק. א רעשט יידן 4.000 פון די לעצטע דריי שטעט ווערן אומגעבראכט אויף פאנאר און א קלענערע טייל פון זיי ווערט אריינגעבראכט אין ווילנער געטא. אין די טעג פון 20־23־טן אויגוסט 1943, פונקט א חודש פאר דער ליקווידאציע פון ווילנער געטאָ, ווערט די לעצטע פון די ווילנער פראווינץ־שטעט ליקווידירט גלובאָקער געטאָ, אין וועלכן עס זיינען אומגעקומען ביי א 4.000 יידן — רעשטן פון דאקשיץ, דאלהינאוו, שארקאוושטשיזנע, סווענציאן, קאזיאן, פאהאסט, דרויע, דונילאָוויטש, פאסטאוו, גערמאנאוויטש א. א. אויך זיינען דארט געווען יידן פון ווילנע דווינסק, קאָוונע, בריסק, ביאליסטאָק, לאדזש, לעמבערג א.א.וו. דאס געטאָ איז געווארן ליקווידירט אויף א גרויזאמען אופן. — די גרעסטע טייל יידן איז פארברענט געווארן לעבעדיקערהייט, דערשטיקט געווארן פון רויך, פארשאטן, געוואָרן מיט גרוז פון די אויפרייסנדיקע באמבעס, גראנאטן א. ד. גל.

אזוי ווערן אומגעבראכט אַלע קהלות איינע נאָך איינע. דאָס וואָס עס איז אין משך פון פיל צענדליקער דורות געוואָרן געבויט מיט שווייס און בלוט ווערט דורך דער דייטשער בריה פארניכטעט כהרף עין. עס קומען אום יונג און אלט, מענער און פרויען אויפן שרעקלעכסטן אופן. מען ברענט לעבעדיקערהייט, מען ווארפט קינדער אין ברונעמער, מען פאַרגראָבט לייכט־פאַרוואונדעטע און גאָר נישט פאַרוואונדעטע א. ד. גל.

אין דער דאָזיקער בלוטיקער ארבעט באַטייליקן זיך גאַנץ אַקטיוו אויך די אָרטיקע מערדער, זיי העלפן זוכן די באהאלטענע, און ווען זיי געפינען עמיצן, גיבן זיי אים איבער די דייטשן אָדער דערהרגענען אליין.

בעת דער שחיטה אין דאָקשיץ האָט דער אָרטיקער איינוווינער קארל איציקאָוויטש געכאפט יידישע קינדער און געפירט זיי אויף זיין וואָגן צו דער שחיטה. ער פוילט זיך נישט דערביי נאָכצולויפן נאָכן 4־יעריקן זונעלע פון מארקמאן אברהם, וועלכער האָט געהאַט די „חוצפה" צו אַנטלויפן פון זיין וואָגן. ער כאפט אים און צעשמעטערט זיין קעפעלע אָן די ברוקשטיינער. און ווען דער מארך פון קינדס קעפל פאַרשפריצט אים שרייט ער: — עך, זשידאָווסקאיא מאָרדא, יעשטשע אודיראיעט...!

אַזוי אויך אין קריוויטש ווען די 12־יעריקע שרה קאַצאָוויטש אַנטלויפט פון פייער כאפן זי די אָרטיקע מערדער און וואַרפן זי צוריק אַהין, שרייענדיק צו איר מיט טריומף:

— וואָס, קראסאוויצא, האָסט זיך דערווארט דיין רעטער סטאלין?!

די זעלבע באַנדיטן האָבן זיך אויך נישט גענפוילט נאָכצויאָגן בליומע קאפלאן, וואָס איז פירמאָל פון פייער אנטלאָפן, ביז זיי האָבן דאָס אָפגעשוואַכטע מיידל גובר געווען, און זי איז לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן.

אין די סאמע הייסע, בלוטיקע טעג אָרגאניזירט זיך די יידישע יוגנט אין אונטערערדישע קאמפס־

אָרגאַניזאַציעס, זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם בלוטיקן שונא. דורך פאַרשידענע וועגן ווערט איינגעשאפן געווער, מען קניפּט אָן באַציונגען מיט פּאַרטיזאַנישע גרופּן און די יוגנט גייט אַוועק אין וועלדער אין פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן.

די יידישע יונגעלייט און מיידלעך צייכענען זיך אויס מיט זייער דרייסטקייט אין קאַמף מיט די דייטשע באַנדיטן און זייערע מיטהעלפער. ווי העלדן פאַלן אין די פאַרביסענע שלאַכטן מיט דער בלוטיקער פאַשיסטישער חיה: בלאַט יצחק, סאָלאָווייטשיק שמעון (גלובאָק), קאָפּעליאָוויטש מנשה, גלעזער דוד (דאָקשיץ), פייגעל מיכאל, מילקין ירחמיאל, פרידמאַן מיטיע (פּאָסטאַוו), פרידמאַן זלמן (דאָלהינאָוו) א. אַז. וו. א. אַז. וו.

צווישן די אויסגעצייכנטע, וועלכע זיינען לעבן געבליבן און האָבן נקמה גענומען, איז כדאי צו פאַרצייכענען: געניכאָוויטש באָמקע (פּליסע), רודערמאַן יעקב (גלובאָק), פרידמאַן יעקב, בר. פייגעלסאָן זלמן און דן, לעוויטאַן ארקע און זיין זון אברהמקע, ראַפּאָפּאָרט זלמן, שפּיראָ ליפּא און מיכאל, ד״ר לקח נחום (גלובאָק), שוטאַן משה, גערטמאַן יהושע (סווענציאַן), טילס זעליק (דאָקשיץ), בונימאָוויטש אלי און שפרה (קריוויטש), חדש לייב, רודערמאַן שבתיל (דונילאָוויטש), זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין די באַגרענעצטע שורות לאָזט זיך נישט אויסרעכענען די אַלע, וואָס האָבן מסירת נפשדיק געקעמפט מיט די דייטשע מערדער און זייערע משרתים. אייניקע זיינען אין זייער דרייסטקייט דערגאַנגען אזוי ווייט, אַז לויט אייגענער איניציאַטיוו פאלן זיי אָן אויף גאַנצע דייטשע גאַרניזאָנען און באַפרייען יידן פון די געטאָס. אַ פּאַרטיזאַנישע גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון סאַגאַלטשיק יעקב פון בריגאַדע „נקמה" ראַטעוועט דעם 11־טן מאי 1942 יאָר הונדערט אַכציק יידן פון דאָלהינאָוו. דעם 25־טן אָקטאָבער דעם זעלבן יאָר באַפרייען זיי זיבעציק יידן פון מיאַדזיאָל.

* * *

נאָך דער ליקווידאַציע פון אַלע פּראָווינץ שטעט ווערט דעם 23־טן סעפּטעמבער 1943 ענדגילטיק ליקווידירט דאָס ווילנער געטאָ—און די שטאָט פון ווילנער גאון, פון גר צדק, פון חיי־אָדם, פון מתתיהו סטראַשון, פון צענדליקער, הונדערטער וועלט גדולים אין דער יידישער געשיכטע; די שטאָט, ווו „גם שואבי מים ממקור גדולי תורה נשאָבו" (ז. שניאור), אָט די גרויסע יידישע ווילנע, וועלכע דער דיכטער רופט אָן „נחמת עם קדם בצפון", איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַלץ איז טויט; אלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קופּעס אַש. און אַנשטאָט די פריילעכע, הערלעך שיינע מעלאָדיעס אין ירושלים דליטא טראָגן זיך איצט פון די חורבות, פון די קופּעס אַש, פון די גריבער פון פּאָנאַר טרויעריקע איכה ־ קלאַנגען, די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט יללה־טענער, מיט טענער פון „אלי ווילנה ועריה"...

און ווילנער קהלה וועט שוין קיינמאָל נישט אויפלעבן. דער טייך מיט זיינע ביי־טייכן האָבן אויסגעטריקנט — קיין וואסער קוועלט נישט מער. עס זיינען בלויז פאַרבליבן הענגען אין דער לופטן זייער שיטערע, דורכזיכטיקע טראָפּעלעך, וועלכע שפּרייטן זיך איבער דער וועלט, איבערן כדור הארץ און קאָנען זיך אין ערגעץ נישט אָפּזעצן... אויף די קליינע, קוים באַמערקבאַרע, אויסגעדאַמפּטע פון אָט דעם גרויסן טייך טראָפּנס ליגט דער גרויסער, הייליקער חוב פונאַנדערצוטראָגן דעם ווילנער גייסט איבער אַלע יידישע ישובים פון דער וועלט. זיי, די שבלים בודדות, די שארית הפליטה, מוזן פאָרזעצן די ווילנער טראַדיציע, מוזן ווייטער זינגען דאָס ווילנער ליד...

ווי שווער דאָס זאָל נישט זיין, מוזן זיי ווייטער שמידן איר גאָלדענע קייט.

ווילנע קאָן נישט און וועט נישט פאַרגעסן ווערן!
לא אשכחך גם אותך, ירושלים דליטא!!!



די חרובען יאטקעווער גאס.

**לייב האָריסקי**

געוו. יינג. לייטענאַנט
אין דער רויטער אַרמיי

# מיט ווילנע אין האַרצן...

אין דער זעלבער צייט ווען אונזערע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, פרויען און קינדער און די גאַנצע ווילנער יידישע באַפעלקערונג איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט אונטער דער ליטוויש-דייטשער נאַציסטישער הערשאַפט, זיינען מיר געווען אַ גליקלעכע קליינע גרופּע ווילנער, וועלכע האָט באַוויזן אין ערשטן און צווייטן טאָג פון סאָוועטיש-דייטשן קריג צו אַנטלויפן קיין מזרח טיף אין ראַטנפאַרבאַנד.

די גרעסטע און בעסטע טייל פון צווישן אונז האָט באַקומען געווער אין האַנט און זיך געשטעלט אין די רייען פון דער רויטער-אַרמיי, כדי מיטצוהעלפן צו פאַרקירצן דעם וועג צו דער באַפרייונג פון אונזער געליבטער געבוירן-שטאָט און צו ראַטעווען וואָס מער פון די טייערסטע און נאָענטסטע.

* * *

פיל יונגעלייט פון ווילנע און ווילנער אומגעגנט האָט מען געקאָנט באַגעגענען שוין אין די ערשטע שווערע שלאַכטן פון 1941-טן יאָר אויף אַלע אָפּשניטן פון דעם עטלעכע-טויזנט-קילאָמעטערדיקן סאָוויעטיש-דייטשן פראָנט פון צפון ביז דרום.

אין די ערשטע שלאַכטן אויפן קאַרעלא-פינער פראָנט האָבן געקעמפט הונדערטער יידישע בחורים פון ווילנע, ווילייקע, גלובאָקע, לידע און אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך. זיי זיינען גענומען געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי נאָך פאַרן קריג אין 1940-טן יאָר ביים ערשטן מיליטערישן פריזיוו אין מערב-ווייסרוסלאַנד.

דער ווילנער יוגנטלעכער גרשון צירולניק (יינגסטער זון פון באַקאַנטן טשעמאָדאַנען-מאַכער) וועלכער איז געווען אַ געווינלעכער רויטאַרמייער, האָט פאַר זיין אויסצייכענען זיך אין די קאַמפן ביים פאַרטיידיקן די שטאָט לענינגראַד געקראָגן דעם ראַנג פון קאַפּיטאַן אין דער רויטער-אַרמיי. ער איז נישט איינמאָל פאַרוואונדעט געוואָרן און פיל מאָל באַלוינט געווען מיט אָרדנס און מעדאַלן פאַר זיין העלדישקייט.

דער איוויעניצער בחור, סערזשאַנט פון דער רויטער-אַרמיי, יצחק פאַרענטשוק, קאָמאַנדיר פון אַן אויסשפּיר-אָפּטיילונג, איז העלדיש אומגעקומען, אויספילנדיק אַ וויכטיקע קאַמפּס-אויפגאַבע אין דעם שונאס טיפן הינטערלאַנד אויפן קאַלינינער פראָנט.

איינהאַלטן דעם שונאס אָפענסיווע ביי מאָסקווע און יאָגן אים ביז די גרענעצן פון דייטשלאַנד, האָט געהאָלפן דער לייטענאַנט, אָרדנטרעגער מיכאל ברוכאַנסקי, (געווען פאַרוואונדעט).

די שווערע וואונדן פון די פיל רויטאַרמייער אויף די פאָדערשטע ליניעס ביי סטאַלינגראַד האָט געהיילט די ווילנערין, לייטענאַנט פון מעדיצין-דינסט, אָרדנטרעגערין בעלאַ פייגנבערג (טאָכטער פון קינדער-דאָקטאָר פייגנבערג).

דער ווילנער סטודענט פון מעדיצין, עלטערער לייטענאַנט גאָלדמאַן מאָניע (זון פון ד״ר גאָלדמאַן), איז געפאַלן אין די שלאַכטן אויפן קאַווקאַזער פראָנט.

אין די גרויזאַמע שלאַכטן אויפן קרימער פראָנט — ביי פּערעקאָפּ און סעוואַסטאָפּאָל, איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן דער ווילנער שילער, גוואַרדיע אַרטילעריסט מישע זאַלצבערג — אָרדנטרעגער, — וועלכער האָט שפּעטער ווידער געקעמפט ביי שאַוול און אין קורלאַנד.

* * *

אָבער די גרעסטע טייל ווילנער האָבן זיך אויפגעקליבן אין דער ליטווישער (לייען: ליטוויש-יידישער) דיוויזיע פון דער רויטער-אַרמיי אין אָנהייב 1942. „זיך אויפגעקליבן״ — דערפאַר, ווייל נישט אַלע זיינען געקומען גערופענע דורך אַ מאָביליזאַציע-צעטל, עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, וועלכע זיינען געקומען פרייוויליק און געמאָלדן, אַז זיי ווילן גיין נקמה נעמען פאַר די אַלע, וועלכע זיינען געבליבן אין ווילנע.

אין ראַטנפאַרבאַנד — אין הינטערלאַנד, גלייך ווי אין דער אַרמיי האָט מען תיכף דערפילט דעם יידישן ווילנער יוגנטלעכן, דעם דערצויגלינג פון די ווילנער שולן, אַנשטאַלטן און אָרגאַניזאַציעס. ווילנער יונגע לייט, אַרבעטער, אינטעליגענץ, שילער, אַנגעשטעלטע האָבן זיך אַרויסגערוקט אויף די ערשטע ערטער פון דער קריגס-צוגרייטונג אין אַלע טיילן פון אונזער פאָרמאַציע. עס זיינען געווען אָפּטיילונגען, אין וועלכע ווילנער זיינען געווען אַ מערהייט און גערימט מיט זייער אויסדויער, דרייסטקייט און קריגס-קענטעניש אין באַטאַליאָן און פּאָלק. די יידישע שפּראַך האָט הויך אָפּגעקלונגען אין די וועלדער פון אונזערע לאַגערן אויף די ברעגן פון דער וואָלגע. גייענדיק אין די רייען פלעגן מיר, די ווילנער, אָפט זינגען די לידער פון „ווילביג״ און גערשטיינס כאָרן. דער עיקר אין די פרייע אָוונט-שעהן פלעגן מיר אין די ערד-הייזלעך און שלאַשן צוזאַמען טרוימען וועגן דער נאָענט-ווייטער ווילנע, וועגן משפּחה, פריינט און חברים.

דער געדאַנק וועגן ווילנע האָט אונז פאַרייניקט און געגעבן מוט און אויסדויער.

* * *

ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער טאָג פון אונזער אַרויסמאַרשירן אויפן פראָנט, איז גערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינער יידישער מיטינג פון אונזערע הונדערטער יידישע רויטאַרמייער, אויף וועלכן מען איז אַרויסגעטראָטן מיט יידישע רעדעס און יידישע רעציטאַציעס. אויסהערנדיק די טרויעריקע גרוסן פון יענעם זייט פראָנט, וועגן דעם געטאָ און די שחיטות, האָבן מיר אַלע געשוואָרן אַ שבועה נישט צו זשאַלעווען אונזער מי און לעבן אויף צו נעמען נקמה.

די ערשטע שלאַכט מיטן פאַרהאַסטן שונא איז אונז אויסגעקומען אויפצונעמען ווינטער 1943 אין דעם קאַמף פאַר דער שטאָט אריאל. אונזער מינען־וואַרפער־אָפּטיילונג האָט באַקומען אַ באַפעל זיך אַרויסצורוקן אויף דער פאָדערשטער ליניע און עפענען אַ פייער אויף די דייטשע קוילנוואַרפער־פּאָזיציעס. ווען מיר האָבן אָנגעצילט דעם מינען־וואַרפער האָט אונזער אָנלאָדער, דער באַליבטער און דרייסטער ווילנער מעכאַנישער שוסטער ירוחם באשקין אַרויסגעלאָזט די ערשטע מינע מיטן אויסגעשריי:

— „קינדער, פאַר די ליידן פון אונזערע טייערסטע אין ווילנע!"

דער זעלבער באשקין האָט צוויי יאָר נאָכאַנאַנד אויפן פראָנט געטריבן דעם פיינט פון אריאל ביז אין באַלטישן ים אַריין.

ווען צוליבן מאַנגל אין מענטשן האָבן מיר פאַרלאָזן אונזערע מינען־וואַרפער און אַוועק מיט די ביקסן אין די הענט אין אָנגריף אויף די דייטשע פאָדערשטע פּאָזיציעס, האָט זיך אין דעם פּראָסטיקן פרימאָרגן אויף די טיף־פאַרשנייטע רוסישע פעלדער געלאָזט הערן צוגלייך מיט די אויסרופן: „פאַרן זיג!", „פאַרן פאָטערלאַנד!", אויך די אויסרופן אין יידיש:

— „פאַר ווילנע - ירושלים דליטא!", — „פאַר דעם בלוט פון אונזערע פרויען און קינדער, — פאָרויס!"...

די ערשטע אין יענע שלאַכטן זיינען געפאַלן: דער שילער פון ווילנער יידישן טעכניקום, דער יינגסטער צווישן אונז, ישראל זאלק, דער בעקער־אַרבעטער י. קאַץ און דער סווענציאַנער יוגנטלעכער סטריקאָווסקי.

דער ערשטער פאַרוואונדעטער מיט אַ שפּליטער אין די לונגען איז געווען דער פּאָדבראַדזיער סטאָלער, דער האָרעפּאַשנער יאַנקעלע גלאַז. ווען מען האָט אים אַ פאַרבלוטיקטן אָפּגעשלעפּט פון דער פאָדערשטער פּאָזיציע, האָט ער געבעטן, מען זאָל אים שלעפּן צוריק, ווייל ער האָט פאַרגעסן די ביקס. שטערבלעך פאַרוואונדעט האָט ער אָבער נישט געוואָלט אַרויסלאָזן די ביקס פון האַנט.

דער ווילנער יונגערמאַן איזיע דראָזנין, נאָך דעם ווי עס זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן און געפאַלן אַלע זיינע מיטקעמפער ביים קוילנוואַרפער האָט ער אַריינגענומען דעם קוילנוואַרפער אין זיינע הענט. נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט פון דאַנען זיך צו פאַרבינדן און בעטן הילף, האָט ער באַשלאָסן נישט צו פאַרלאָזן די דאָזיקע וויכטיקע פּאָזיציע. פינף טעג נאָכאַנאַנד, אויפן קאַלטן שניי, אין פראָסט און זאַווערוכע, האָט ער געפירט מיט דעם פייער אין די „פריצן", נישט לאָזנדיק זיי אויפהייבן קיין קאָפּ. דעם זעקסטן טאָג איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן אין האַנט, און דאָך נישט פאַרלאָזן דעם קוילנוואַרפער. אַ האַלב־פאַרפרוירענעם, אָן באַוווסטזיין, האָט מען אים געפונען אויף זיין פּאָזיציע. נאָך אַ לענגערער קוראַציע אין פעלד־לאַזאַרעט איז ער צו זיך געקומען.

דאָרט ווו ס'האָט גערעגנט מיט שאַרפן מעטאַל פון די דייטשע מינען, זיינען אויך געגאַנגען אין אָנגריף אין די ערשטע רייען מיט ביקסן אין די הענט פיל יידישע מיידלעך פון ווילנע און ווילנער קאַנט.

די ווילנער שילערין, סאַניטאַרין פאָליע סאבאל, איז אין יענע שווערע שלאַכטן געגאַנגען צוגלייך מיט אַלעמען אין דער שטורם־אַטאַקע פון איר אָפּטיילונג אויף די שווער צוטריטלעכע דייטשע פּאָזיציעס. די קליינטשיקע רבקה (פאַמיליע געדענק איך נישט) איז אין איינעם פון יענע שלאַכטן געטראָפן געוואָרן מיט עטלעכע מינען־שפּליטערס אין בויך. ווען פיל פאַרוואונדעטע מענער האָבן זיך געקאַרטשעט און געיאָמערט פאַר ווייטיק, איז זי, אַ שטערבלעך פאַרוואונדעטע, געלעגן שווייגנדיק מיט פאַרקריצטע ציין אויפן שליטעלע, מיט וועלכן מען האָט זי אַרויסגעפירט פון די ערשטע פּאָזיציעס און געבראַכט אין פעלד־שפּיטאָל.

דער ווילנער האַנדלס־אָנגעשטעלטער משה באַדאַנאָווסקי האָט אין אַטאַקע, נאָך דעם ווי ס'איז געפאַלן זיין קאָמאַנדיר, איבערגענומען די קאָמאַנדע פון דער אָפּטיילונג, וועלכע איז באַשטאַנען אין גרעסטן טייל פון ווילנער יידישע יונגעלייט. מיט יידישע קאָמאַנדעס און אויסרופן האָט ער זיי געפירט ווייטער אין אָנגריף אויף די פאָדערשטע דייטשע פּאָזיציעס. פאַר זיין העלדישקייט האָט ער באַקומען אַ דאַנק פון דער העכערער קאָמאַנדשאַפט און באַלוינט געוואָרן מיט אַ מעדאַל פאַר דרייסטקייט.

דער בעסטער, פלינקסטער און פינקטלעכסטער פאַרבינדלער פון אונזער גאַנצן טייל איז געווען דער ווילנער שלאָסער־אַרבעטער אברהם זילבערקוויט, ביז אַ פיינטלעכער שפּליטער האָט אים אָפּגעריסן אַ פוס.

די בעסטע סאַניטאַרן, וועלכע האָבן אַרויסגעשלעפּט פון די פאָדערשטע פּאָזיציעס צענדליקער פאַרוואונדעטע, זיינען געווען: דער געוו. מעטאַל־אַרב. אסיע גאבערמאַן, איצט אינוואַליד, און ניאָניע סקורקאָוויטש — אָרדנטרעגער.

מיטן געדאַנק וועגן ווילנע און די ווילנער יידן זיינען אין דער טונקלקייט פון די פראָסטיקע פרימאָרגנס ביי אָריאָל, און שפּעטער אין די בלאָטעס אַרום וויטעבסק, ביי פּאָלאָצק, שאַוול און ליבאַווע אין קורלאַנד (לעטלאַנד) צוזאַמען געגאַנגען אויפן שונא און גענומען נקמה אָפּגעבנדיק זייערע יונגע לעבנס: דער באַליבטער ביי דער ווילנער אַרבעטער־יוגנט, דער סטאָלער, קאָמיוגיסט מיכקע ווייגער און זיין ברודער — געפאַלן ביי אריאל; דער יוגנטלעכער סטערעאָטיפּירער סערזשאַנט איליושע באַסאָן, אָרדנטרעגער — געפאַלן ביי ליבאַווע; ביזן לעצטן טראָפן בלוט האָט געקעמפט דער דערצויגלינג פון ווילנער „השומר הצעיר", דער אויסגעצייכנטער גראַווירער־ליטאָגראַף סערזשאַנט וולף באַראַוויק, וועלכער האָט בעת אַ גרויסן אַרטילעריע־אָנגריף נישט פאַרלאָזן זיין פּאָזיציע און איז אויפגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיט זיין האַרמאַט; ביים אויספילן זייערע פליכטן זיינען געפאַלן דער יונגער ווילנער סטודענט פון מעדיצין, קאַפּיטאַן פון מעדיצינישער דינסט, איזיע דאַשעווסקי, און מיליטערישער פעלדשער מוסיק קאָריסקי; דער רויקער ווילנער חלוץ נח גריליכעס — געפאַלן; לייטענאַנט לאַליע שאַפער — געפאַלן אין לעטלאַנד; דער געוועזענער דירעקטאָר פון ווילנער האַנטווערקער־פאַרבאַנד אַדוו. גראָדסקי — געפאַלן ביי אָריאָל; דער ווילנער טעכניקער סערזשאַנט צבי זאַוואַדזקי און דער דיסנער בחור הערשמאַן זיינען מיט נאָך עטלעכע צענדליק יידישע יונגעלייט ביי וויטעבסק אַוועק אויף אַ ספּעציעלער אויפגאַבע אין הינטערלאַנד פון שונא

און שוין נישט געקומען אויף צוריק; דער גרינדער פון די אומלעגאלע דרוקערייען אין ווילנע פון דעם פארמלחמהדיקן פוילן, נתן שאגאם, איז געפאלן ביי אריאל; מישע קוניסקי — געפאלן ביים אויספילן א וויכטיקע אויפגאבע אין טיפן הינטערלאנד פון שונא; די ווילנער שילער — גרינהויז מרדכי (קוילנווארפלער), איזיע גאלדבערג, לייב קליאטשקא, סערזשאנט פייוול חיפעץ (מינענווארפלער), טעכניקער סאשע פומפיאנסקי, באריס זאלקינד — געפאלן אין שלאכט; די אנגעשטעלטע — ברידער דושיאצקי און סאראפיי, דער סטודענט שקלאווער, פאבריקמאכער אראן אראנאוויטש, בוכהאלטער קוויעלעוויטש, דער ביי־ווילייקער — סאניטאר סערזשאנט טאבאריסקי — און פיל, פיל אנדערע העלדן, אומבאוווסטע רויטארמייער פון ווילנע און ווילנער קאנט געפאלענע אין די שלאכטן — ערע זייער אנדענק!

* * *

דעם העכסטן טיטל אין דער רויטער ארמיי „העלד פון ראטנפארבאנד“ האט פארן אויסצייכענען זיך אין די שלאכטן באקומען דער סוויעציאנער יידישער בחור, לייטענאנט אושפאל.

גרויס איז די צאל פון אונזערע העלדישע ווילנער יונגעלייט און מיידלעך — רויטארמייער און סערזשאנטן פון דער ליטוו. דיוויזיע, צווישן וועלכע דער גרעסטער טייל איז באלוינט מיט מעדאלן און ארדנס פאר העלדישקייט: אנגעשטעלטער אברהם וועקסלער (אויסשפירער), עלטערער סערזשאנט לייזער באססאן (קוילנווארפלער — אינוואליד), שילער פון ווילנער רעאל־גימנאזיע בעניע מאצקעוויטש, שוסטער ירוחם באשקין (מינענווארפלער), יוגנטלעכער חיים זשוק (שיסער, אינוואליד), מאלער פייוול סעגאל (ארטילעריסט), אנגעשטעלטער בערל טאבאריסקי, ליטאגראף חיים ליפקער (אינוואליד), שילער ה. טורגעל (אינוואליד), בוכהאלטער ז. לעווויט, די ווילנערינס מינע מארשאק, בתיה גאראדניק, רחל געלער און עסיע ליפשיץ, זשורנאליסטן מ. פופס און ש. ביילים — לעגיס, שניידער־ארבעטער סעגאלאוויטש (אינוואליד), שילער יצחק יאכעל, חיים ווישינארעס, ג. מאגילניק, ב. גאדין, די ארטילעריסטן א. לונסקי און ש. וואיטשיק, דער בעסטער געווער־מייסטער אין פאלק — מעכאניק אלטער לעווין מיט זיין געהילף א. קאצעוו, טעכניקער שלום קאלמאנאוויטש (פארבינדלער), סערזשאנט צבי ווידוטשאנסקי (ארטילעריסט), סערזשאנט מנשה כייקין (ראדיסט), זעליג שירווא (מינענווארפלער), ארדנטרעגער סערזשאנט חיים שער (זון פון קינסטלער און לערער יעקב שער), דוד גערמאנישסקי — ארדנטרעגער, סאניטאר מאיר גאלדשטיין, אינזש. ברוידא, י. קראכמאלניק, ז. פאנארסקי, מוליע קאריסקי, ליאווע איישישאק, דוקשטולסקי בנימין, דאנדעס פרץ א״א.

פיל ווילנער האבן אדאנק זייער העלדישקייט און איבערגעגעבנקייט אין דער ארמיי און אויפן שלאכטפעלד אוואנסירט פון געוויינלעכע רויטארמייער אויף אפיצירן פון דער רויטער ארמיי, ווי: לייטענאנט מירקין, לייטענאנט סליווקין, לייטענאנט נ. סווירסקי, לייטענאנט אינזשיניער אראן גארדאן, לייטענאנט וויינבערג, לייטענאנט מישע לעווין, עלטערער לייטענאנט ע. זשאבינסקי, לייטענאנט לייב סטאצקי, לייטענאנט שלמה לעווין, לייטענאנט משה סאבאל, לייטענאנט ז. גורדוס, קאפיטאן ידידיה יעווזעראוו, עלט. לייטענאנט מ. פינקוס, לייטענאנט י. שווארץ און אנדערע האבן געפירט נאך זיך זייערע אפטיילונגען און גרופן, נעמענדיק נקמה פאר זייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, וועלכע זיינען אין דער זעלבער צייט געפירט געווארן אויף פאנאר.

* * *

פון ווייסן ביזן שווארצן ים און פון מאסקווע ביז בערלין האבן הונדערטער יונגעלייט און מיידלעך פון ווילנע און אומגעגנט, אין די רייען פון דער רויטער ארמיי, דורך זייער קאמף אויף טויט און לעבן, געשיקט איבער די קעפ פון די מערדער א פייערדיקן קאמפס־גרוס צו די יידן אין ווילנער געטא און זייער קאמפס־ארגאניזאציע דער פאראייניקטער פארטיזאנער ארגאניזאציע (פ. פ. א.).

מיט זייער מי און שוויס, מיט זייער בלוט און יונגן לעבן זיינען זיי געגאנגען אין קאמף מיט אונזער בלוטיקסטן שונא, ווי שטאלצע זין פון יידישן פאלק און טרייע קינדער פון ווילנע — ירושלים דליטא.

א. סוצקעווער

# געזעגענונג

### א.

אָ, נישט באַווייגען וויל איך דיך, דו שטאָט פון מיין געזאַנג,
ווייל פייכט איז נאָך דיין באָדן, כאָטש דיין פּנים איז פאַרשרפעט,
איך וויל אין דיר אַריינגיין ווי אַ נאַכט צעגליט אין שטערן,
אַריינלייכטן אין אַלע שויבן,
ברינעמער,
מעלינעס.
אַריינלייכטן אין גאונס קלויז, אַוו פון דעם הגר״אַ
אָוועקגעריסן איז דער „ה״ און סיאיז געבליבן ג ר אַ.
(ווו איז דער אות,
צי וואָגלט ער אַצינד אין מיין נשמה?)
און אויך אין גרויסער שול, געבליבן איינציק אויפן שולהויף
מיט פעסטונג־ווענט, וואָס היטן די פארגאנגענקייט, די שטומקייט.
און אויף סטראַשון־גאַס זעקס —
די סאַמע לעצטע באַריקאַדע,
און אויך אין די קאַנאַלן אונטער דרערד,
ווו סיהאָבן יידן
געהאָפט אויף דער באַפרייונג און דעם ערשטן מאַי געיומטובט.

איך וויל אין דיר אַריינגיין ווי אַ נאַכט צעגליט אין שטערן,
אַריינלייכטן אין יעדער הויז — געבליבן אָדער חרוב.
אין פנימער וואָס לעבן יאָ צי נישט — פאַר מיר זיי לעבן!
ווייל ווי עס פילט אַ מענטש זיין אָקאָרשט אָפּגעהאַקטן אָרעם
און זעט דעם רינג דעם גילדענעם פון אָפּגעשיידטן פינגער, —
אַזוי־אַ פיל איך דעם פאַרבונד
מיט הייזער,
מיט חברים.

### ב.

דו ביסט מיין ערשטע ליבע און אַזאַ וועסטו פאַרבלייבן.
איך טראָג דיין נאָמען דורך דער וועלט,
ווי סיהאָט מיין ווייטער זיידע
געטראָגן דורכן מדבר־פלאַם דעם מישכן אויף זיין אַקסל.
(אָ, זיידע מיינער, האָסט דאָך אויך געהאָפט צו זען אַ ברעג!)
און ווו איך זאָל נישט וואַנדערן —
עס וועלן אַלע שטעט
פאַרוואַנדלען זיך אין דיין געשטאַלט.
איך וועל זיך נישט פאַרוואָרצלען
אין קיין שום אַנדער ערד,
אַזוי ווי סיקאָן זיך נישט פאַרוואָרצל'ען
די וואַסער־בלוס, אַראָפּגעריסן פון איר לאַנגן נאָפּל;
צוריק אין פיצל באָדן אונטער דריקנדיקן וואַסער, —
און הוידעט זיך פאַרלוירן איבער אָפּגרונט פון די כוואַליעס,
און קיינער, קיינער זעט נישט אַז דער פאָדעם איז צעריסן — — —

### ג.

...און טייער ווי נאָך קיינמאָל נישט איז מיר דער יידיש דיינער —
דער צאַנקעדיקער קנויט
פון אַ פאַריתומטן נר־תמיד.
ווייל נאָר אויף מאַמע־לשון האָט אַ פיצל קינד געשריען:
— פאָטער,
פון אַלע ווערטער אויף דער וועלט, עס פעלט מיר: מ אַ מ ע !

### ד.

איך בין דאָס קינד, וואָס טראָגט אַ גראָז
בשעת מען פירט אים קוילען.
איך בין די פרוי באַהאַלטן אין קאַנאַליזאַציע־רערן
אַליין מיט ערשט־געבוירענעם, נישט אָפּגעשיידט פון בויך.
און ווו דער עלנט איז אַזוי אומענדלעך, אַז עס דוכט

אויף מיר וואָס פליושקען זיך אין שמוץ —
דאָס זינגען גאָר מלאכים!
איך בין דער זקן גראָ און קנייטשיק ווי אַ וועלשער נוס,
וואָס דאַרף צום אַפּנאַרן דעם עלטער אויסזען אַ יאָר צוואַנציק.
און גלייכצייטיק בין איך דאָס יינגל „יינגער ווי מע דאַרף",
וואָס מוז צעקאַרבן סיפּנים און זיך הייבן אויף די פינגער.
איך בין דאָס לעצטע וואָרט פון אַ געפאַלענעם אין גראָבן,
איך בין די נישטבאַהאַלפנקייט פון אַ געליימטן מענטש,
וואָס קאָן די האַנט נישט שטרעקן צו דעם האַלדז —
זיך צו באַפרייען.
בין דער, וואָס קומט צוריק פון שטאָט מיט פּולווער אין די שטיוול
און שאַף דערפון אַ רעטער,
ווי דער מהר״ל דעם גולם.
איך בין דער ווילד־פאַרליבטער אויף דער סקריפּעדיקער תליה,
(די אַפּלען זייגן איין פון ווייט אַ שמייכלענדיקע פּרוי).
איך בין שוין אַ פאַרברענטער,
אַ פאַרפרוירענער,
געקעפּטער,
נאָר מיטן שטראָם פון דער ווילִיע — שווימט צו דיר מיין ליד.

ה.

נישט די, וואָס האָבן דיך געשענדט —
נישט זיי וועסטו געהערן.
זיי וועלן בלינדע פויזען אויף די קני צו דיינע טויערן
און דערנער וועלן זייער בלינדקייט נאָכאַמאָל צעשטעכן.
עס וועט זיך נישט מרחם זיין דער וואָלקן אויף פאַנאַר —
מיט זשאַווערדיקע בגיצן וועט ער ענטפערן אויף תפילות.
בית־עולם־שטיינער וועלן זיך אַליין פון דרערד אַ ריס טאָן
און יעדער אות באַזונדער וועט זיי וואַרפן זיך אין פנים.
און אויך דער אַנאַ־קלויסטער, וואָס איז רויט ווי אונזער בלוט
וועט אָן דערבאַרעמונג פאַרריגלען זיינע שמאָלע טירן,
און ווי אַ קללה אויסגעשמידט פון קופּער וועלן קלינגען
פאַר זיי די אַלטע גלעקער אין מיין דעמערדיקער שטאָט.

און אויב עס וועלן מער נישט בלייבן אין מיין שטאָט קיין יידן —
איז וועלן זייערע נשמות וווינען אין די געסלעך.
און ווער סיוועט מיינען אַז אַ הויז איז פּוסט
און וועט אַריינגיין,
און אויפשטעלן אַ גער, אַ טיש, און גרייטן אַ געלעגער,
און אָנטאָן אַ געפונענע העמד,
אַ קלייד
צי אַ פאַטשיילע, —
וועט ער ביינאַכט דערהערן אַ געוויין פון קליינע קינדער
און סיהעמד וועט ווי אַ ריבאייזן צערייסן אים דאָס לייב.
ביז לויפן וועט ער דול אַרום דער שטוב,
ווי זיין געוויסן
פאַרוואַנדלט אין אַ ראָב
וואָלט קריק אַריין אין די געהירן,
און לויפן וועט ער — אַז דער שאָטן וועט אים נישט דעריאָגן.

ו.

פון גאָרער וועלט עס וועלן קומען באָרוועסע מרגלים
מיט גרינע ווערבע־צווייגלעך אין דיין גאָלד־געגרויבטן היכל.
און איטלעכער וועט שעפּן פון דיין האַרץ
אַ הויפן אַש
און מיטנעמען אַהיים
דעם לאַנגן דרימל צו באַלייכטן.

נאָר איך, וואָס בין געוואַקסן אינם שאָטן פון דיין פּראַכט,
נעם מיט זיך דיך אינגאַנצן — ווי אַ בלוטיקע מגילה.

.1944—1943

# ביכער וועגן ווילנער געטאָ.

**אברהם סוצקעווער — „אין ווילנער געטאָ“**

ארויסגעגעבן דורכן פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פראנקרייך
און מאָסקווער מלוכהשן פארלאג „עמעס“.

**ש. קאטשערגינסקי — „חורבן ווילנע“**

ארויסגעגעבן דורכן פאראייניקטן ווילנער רעליף אין ניו־יאָרק

**„פארטיזאנער גייען“**

ארויסגעגעבן דורכן פארלאג פון די פוילישע יידן אין ארגענטינע.

**„דאס געזאנג פון ווילנער געטא“**

א זאמלונג פון 40 געטאָ־לידער מיט נאָטן.

ארויסגעגעבן דורכן פארבאנד פון ווילנער יידן אין פראנקרייך.

**ד״ר מ. דוואָרזשעצקי — „קאמף פאר געזונט אין ווילנער געטא“.**

ארויסגעגעבן אין פראנקרייך.

**„ירושלים דליטא אין קאמף און אומקום“**

(געשיכטע פון ווילנער געטאָ).

ארויסגעגעבן דורך דעם פאָלקס־פארבאנד אין פראנקרייך
און יידישן נאציאָנאלן ארבעטער־פארבאנד אין ניו־יאָרק.

**ר. קארטשאק (רוזשקע) — „להבות באפר“** („פלאמען אין אַש“)

ארויסגעגעבן דורך דער „ספרית־הפועלים“ אין ארץ־ישראל.



ד י י ט ש ע   ג אַ ס   א י ן   ח ו ר ב ו ת

(געזען פון גיטקע־טויבעס־זאַוולעק, קוקנדיק צו יידישער גאַס. פון רעכטס אויף לינקס: אַ קופּע ציגל, וווּ ס׳איז געווען די בוכדרוקעריי פון מרדכי קאַצענעלנבויגן; אַריינגאַנג אויף יידישער גאַס; אין הינטערגרונד – די וואַנט פון דעם גאונס הרובער קלויז; אין פאָדערגרונד – אַ קופּע ציגל פון צעשטערטע בנינים, וווּ ס׳איז געווען "וואָלוואָקס" רעסטאָראַן, פּ. לעוואַנדעס־וועגעטעריאַנישער רעסטאָראַן, פּונקס בוכדרוקעריי א״א, ביז דייטשע גאַס 12 – אַריינגאַנג אויפן שול הויף).

ל. וואלפסאן

# ווילנע

ווילנע שטאָט פון גייסט און תמימות
ווילנע יידישלעך פאַרטראַכט,
ווו עס מורמלען שטילע תפילות,
שטילע סודות פון דער נאַכט.
אָפטמאָל זע איך דיך אין חלום,
הייס־געליבטע ווילנע מיין,
און דאָס אַלטע ווילנער געטאָ
אין אַ נעפּלדיקן שיין.

צוזאַנג:

ווילנע, ווילנע, אונזער היימשטאָט,
אונזער בענקשאַפט און באַגער...
אַך ווי אָפט עס רופט דיין נאָמען
פון מיין אויג אַרויס אַ טרער.
ווילנער געסלעך, ווילנער טייכן,
ווילנער וועלדער, באַרג און טאָל,
עפּעס נאָיעט, עפּעס בענקט זיך
נאָך די צייטן פון אַמאָל.

כיזע דעם וועלדעלע זאַקרעטער
אין זיין שאָטן איינגעהילט,
ווו געהיים עס האָבן לערער
אונזער וויסנדורשט געשטילט.
ווילנע האָט דעם ערשטן פאָדעם
פון דער פרייהייטס־פאָן געוועבט
און די ליבע קינדער אירע —
מיט אַ צאַרטן גייסט באַלעבט.

צוזאַנג:

ווילנע, ווילנע, אונזער היימשטאָט,
אונזער בענקשאַפט און באַגער...
אַך, ווי אָפט עס רופט דיין נאָמען
פון מיין אויג אַרויס אַ טרער.
ווילנער געסלעך, ווילנער טייכן,
ווילנער וועלדער, באַרג און טאָל
עפּעס נאָיעט, עפּעס בענקט זיך
נאָך די צייטן פון אַמאָל.

# צו ווילנער יידן בכל תפוצות ישראל!
# צו אלע ווילנער לאנדסמאנשאפטן!

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דעם פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פוילן, וואָס איז פאַרגעקומען אין לאָדזש, שיקט איבער אַ האַרציקן גרוס אַלע צעזייטע און צעשפּרייטע ברידער און שוועסטער פון אונזער היימישער ווילנער משפּחה.

טייערע, אייגענע, נאָענטסטע!

מיר האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן, אַ קליין, קליין הייפעלע פון 500 געראַטעוועטע שארית־הפליטה פון דער גרויסער לעבעדיקער און שעפערישער 80 טויזנטיקער ווילנער עדה יידן, וועלכע זיינען אין דער לאַנגער, שווידערלעך לאַנגער פיריעריקער נאַכט פון גרויל און מאָרד אַזוי גרויזאַם געשענדעט און געברענט, אויסגעשאָסן און אויסגעשחטן געוואָרן דורך די דייטשן און זייערע אָרטיקע מיטהעלפער.

מיר זיינען דאָס די רעשטלעך, זכר־לחורבן־עדות פון: געטאָס, „אַקציעס", „בונקערס", קאָנצענטראַציע־לאַגערן, גאַז־קאַמערן, קרעמאַטאָריומס און שייטער־הויפנס, דורך וועלכע 75,000 אונזערע און אייערע שוועסטער און ברידער, מאַמעס און טאַטעס, פרויען און קינדער, פריינט און חברים, אייגענע, נאָענטסטע און ליבסטע, אלע, אלע, א ל ע זיינען אויסגעשניטן געוואָרן פון לעבן. און צוזאַמען מיט זיי זיינען חרוב געוואָרן אלע יידישע אינסטיטוציעס, געזעלשאַפטן, פאַרטייען, פאַריינען, אָרגאַניזאַציעס, קלובן, קלויזן, ישיבות, שפּיטאָלן, הילפס־קאַסעס, קיכן, קינדער־גערטנער, פאָלקס־שולן, גימנאַזיעס, סעמינאַרן, ביבליאָטעקן, מוזייען, פאַרלאַגן, רעדאַקציעס און טעאַטערן. פאַרוויסט און פאַרלענדט איז געוואָרן מיט אַלץ און אנאנדער, וואָס איז אַלעמען אין דער גרויסער יידישער וועלט באַקאַנט געווען, ביי אַלע באַליבט געווען און פון אלע און דורך אלע באַקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען — ירושלים דליטא.

היינט זיינען מיר די איינציקע לעבעדיקע שאָטנס, יידן, וואָס קומען פון לעצטן חורבן־בית־ווילנע, פון ווילנער טויט־שטאָט — פּאָנאַר.

און אַ קליין הייפעלע געראַטעוועטע יידן, פּליטים פון ווילנע, וועמען סיאיז געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון דער דייטשישער טויט־אָרדענונג און אַריבער אין גאַסטפריינטלעכן סאָוויעטן־פאַרבאַנד, ווו מיר זיינען געוואָרן זעלנער, זעלנער פון דער אומדערמידלעכער אַלפאַלקישער פאַרבאַנדיקטער אַרמיי, וואָס האָט אין די שווערע מלחמה־יאָרן זיך געשלאָגן אויף אַלע פראָנטן קעגן פאַשיזם; אויף די פאָדערשטע שלאַכט־פּאָזיציעס און אין טיפן הינטערלאַנד האָבן מיר געהאָלפן מיט אונזער מי און פּראָצע צו שמידן דעם גרויסן נצחון פון סטאַלינגראַד ביז בערלין.

ברידער און שוועסטער, ווילנער פריינט!

שווער און טרויעריק איז אָנצוקוקן אין פּנקס פון אונזער פאָלקס־מאַרטיראָלאָגיע דעם שוואַרצן בלאַט פון דער פאַרוויסטער, חרובער ירושלים דליטא. די קינות־ווילנע וועלן נאָך דורות לאַנג, פּייכט מאַכן די אויגן און מאַכן ביילן די פויסט פון אונזערע קינד און קינדס־קינדער. איינס ווילן מיר אָבער איר זאָלט וויסן און פאַרגעדענקען: אונזער יידישע ווילנע, פאַרקוואַטעט אין די 7 ענגע געטאָ־געסלעך, איז ביז דעם לעצטן אָטעם טריי געבליבן די גרויסע טראַדיציעס פון ירושלים דליטא, און אויך אין דער היטלערישער „בלוטיקער נאַכט פון לאַנגע מעסער" נישט אָפּגעשטעלט אויף קיין מינוט איר גייסטיק לעבן, איר קולטורעלע שעפערישקייט. און דעם טויט־אורטייל און דעם טויט אויפגענומען אויף דער גרויסער מאָראַלישער הויך, ווי עס שטייט אָן אונזער עיר־ואם בישראל.

ווי הייליקע מאַרטירער זיינען זיי אוועק פון אונז, די גרויסע עדה אונזערע בראש מיט די שענסטע, גייסטיקע, קולטורעלע, רעליגיעזע און פּאָליטישע טוער, לערער און וועג־ווייזער.

זייט שטאָלץ, ווי מיר אַלע דאָ, געדענקט און דערמאַנט מיט כבוד די העלדן, וואָס האָבן זיך געהויבן און אויפגעהויבן צום ווידערשטאַנד קעגן דעם מאָסן־מערדער. געדענקט די טרייע זין און טעכטער פון דער יידישער ווילנע, אויפשטענדלער און פּאַרטיזאַנער, זעלנער און קאָמאַנדירן, וואָס זיינען אַוועק אין קאַמף פאַר פאָלקישן כבוד, געגאַנגען און געפאַלן ווי העלדן.

חברים און פריינט!

ווייניק זיינען מיר געבליבן, געציילטע ווילנער יידן, איינזאַמע יתומים אָן אַ קרוב, אָן אַ גואל און אָן דעם ווילנער באָדן אונטער די פיס. דערפאַר איז אונזער הייליקער חוב, נישט צו פאַרלאָזן איינער דעם צווייטן.

לאָמיר העלפן די לעבגעבליבענע פון די געטאָס און לאַגערן, די אינוואַלידן־פּאַרטיזאַנער און זעלנער און די פּליטים, וואָס קערן זיך צוריק פון ראַטנלאַנד צו חרובע היימען און טויטע ישובים. לאָמיר זיי העלפן נישט נאָר מאַטעריעל צו שטעלן זיך אויף די פיס, נאָר דער עיקר צוריקצוקערן זיך צום שעפערישן, פולבלוטיקן לעבן. קומט זיי אַנטקעגן מיט ווילנערישער וואַרעמקייט און מיט ווילנער־יישער היימישקייט. זאָל יעדער פון אונזערע ווילנער דערפילן, אז ער האָט נאָך א גרויסע ווילנער משפחה אין אלע ווינקלען וועלט, וואָס איז מיט אים אין אלע ליידן און פריידן און איז באמת גרייט אים צו העלפן, צוצוטוליען און מקרב זיין.

ווילנער יידן בכל תפוצות ישראל!

דער ערשטער צוזאמענקום פון ווילנער יידן אין לאָדזש רופט אלע בני־און בנות־עיר פון גאַר דער וועלט. זיך צו אָרגאַניזירן און פאַראייניקן אין איין גרויסן ווילנער־פאַרבאַנד.

פאַראייניקן זיך צו דער געמיינזאַמער אויפגאבע פון איבערנעמען און אויפהייבן די גרויסע טויזנטיעריקע לעבנס־ירושה פון אונזער חרובן ירושלים.

פאַראייניקן זיך אַרום דער געמיינזאַמער אויפגאַבע פון אויפקלייבן, פאַרבינדן און אויפהיטן די לעבעדיקע רעשטלעך יידן פון ווילנע און אומגעגנט.

פאַרייניקן זיך ארום דער געמיינזאַמער הייליקס־טער אויפגאבע פון פאראייביקן דעם אָנדענק פון אונ־זער ווילנער עדה קדושים.

ווילנע לעבט אין אונז, לעבט מיט אונז, און ווו מיר זאָלן זיך נישט געפינען, לאָמיר זיין טרייע זין און טעכטער פון אונזער גרויסער און הייליקער עיר־ואם־בישראל.

געדענקט אונזער גאונס טאַט־פארמול: וויל־נאָר! — און ווילנע וועט זיין אומעטום, ווו מיר זיינען ווו מיר לעבן און שאַפן נוסח־ווילנע!

ווילנער און ווילנערינס! זייט היימיש און האַר־ציק געגריסט!

אין נאָמען פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די יידן פון ווילנע און אומגעגנט אין לאָדזש —

## די פארוואלטונג פון פאַרבאנד פון ווילנער יידן אין פוילן:

פאַרזיצער: א. ליבא—ד״ר מעד.

וויצע־פאַרזיצער: ל. שעפטעל—היסטאָריקער, געז. טוער. / א. ציגציגנאַטוס—רעדאקטאָר, אדוואָקאַט.

הויפט־סעקרעטאר: ל. ראן—געוו. ייוואָ־מיטארבעטער, קולטור־טוער.

2־טער סעקרעטאר: מ. זיידשנור—סוחר, געז. טוער.

פינאנסן: י. ווירשופ.—דאָצענט מאטעמאטיק.

מיטגלידער:
א. סוצקעווער—דיכטער־פּארטיזאן.
ח. גראדע—פּאָעט.
ה. סאָראָטשקין רב.
א. טורבאָוויטש—יוריסט.
ש. קאטשערגינסקי—שרייבער־פּארטיזאן.
פ. לידסקא—ד״ר מעד.
ה. קליאַטשקין—עסקן.
ג. יאשונסקי—רעדאקטאָר, ארבעטער־טוער.
ל. קאריסקי—יוגנט־טוער, דרוקער.
פ. העלערשטיין—דרוקער־ארבעטער.
ר. גילעלס—אדוואָקאַט.

## ערן־געריכט פון פארבאנד:

י. מאָווּשאָוויטש — ד״ר, פּראָפעסאָר פון לאָדזשער אוניווערזיטעט.
א. ריינהאדץ — לערער, געוו. דירעקטאָר פון גימנאזיע.
י. גענזעל — ד״ר מעד.
ראַטשקאָ — אדוואָקאַט.
ל. וויינשטיין — ד״ר מעד.

## רעווידיר־קאמיסיע:

מ. מאכטיי — בוכהאלטער.
מ. עפשטיין — אינזש, לעדער־סוחר.
י. יאפע — אינזשיניער.

לאָדזש 12. 5. 1946

# פאַרבאַנד פון יידן פון ווילנע און אומגעגנט

## אויסצוגן פון סטאַטוט

.1

א. דער פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פוילן איז די לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע פון ווילנע און אומגעגנט.

ב. דער פאַרבאַנד איז אַן אומאָפּהענגיקע אָרגאַניזאַציע.

.2

די צילן און אויפגאַבן פון פאַרבאַנד זיינען: פאַררעגיסטרירן, צוזאַמענקלייבן און פאַרבינדן די לעבן־געבליבענע יידן פון ווילנע און אומגעגנט.

א. דער פאַרבאַנד פירט דורך די רעגיסטראַציע פון אלע יידן פון ווילנע און אומגעגנט, וועלכע געפינען זיך היינט צו טאָג אויפן שטח פון דער פוילישער רעפּובליק.

ב. דער פאַרבאַנד שטעלט זיך אין פאַרבינדונג און האַלט אַן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט, מיטן יידישן ישוב אין ווילנע און דערעיקרשט מיט די פּערזאָנען און אינסטיטוציעס, וועלכע פאַרהיטן די דענקמעלער פון יידישן עבר אין ווילנע א. ד. גל. מיט די אַלע, וועלכע זעצן פאָר די רומפולע טראַדיציע פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און קולטורעלן שאַפן אין ווילנע.

ג. דער פאַרבאַנד שטעלט זיך אין פאַרבינדונג און האַלט אַן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די לאַנדסמאַנשאַפן פון ווילנע און אומגעגנט בכל תפוצות ישראל: צפון־ און דרום־אמעריקע, ארץ־ישראל, פראַנקרייך, דרום־אפריקע, אויסטראַליע און מיט די קלענערע גרופן און יחידים ווילנער, וועלכע שמידן ווייטער, אין זייערע נייע היימען, די גאָלדענע קייט פון שפּרודלדיקן, שעפערישן יידישן לעבן נוסח־ווילנע.

ד. דער פאַרבאַנד שטעלט זיך אין פאַרבינדונג און האַלט אַן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די יידן פון ווילנע און אומגעגנט, וואָס זיינען לעבן־געבליבן אין אלע קאַצעט־לאַגערן פון דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליע.

ה. דער פאַרבאַנד ווענדעט זיך צו אלע לאַנדסמאַנשאַפטן פון ווילנע און אומגעגנט וועגן שאַפן רעגיסטריר־שטעלן פון די לעבן־געבליבענע ווילנער יידן, אויפצוזוכן און צו פאַרבינדן פאַרלאָרענע קרובים און פריינט.

.3

דער פאַרבאַנד שאַפט אַ הילפס־פאָנד און ווענדעט זיך צו אלע ווילנער יידן פון גאָר דער וועלט, צו אלע לאַנדסמאַנשאַפטן פון ווילנע און אומגעגנט וועגן תיכפדיקער אָרגאַניזירטער הילף:

א. פאַר די יידן פון ווילנע און אומגעגנט, וועלכע קערן זיך אום פון די קאַצעט־לאַגערן, מעלינעס, אַרישער זייט און פון דער רעפּאַטריאַציע.

ב. אויף אויסצוגעפינען און אָפּראַטעווען די כאַרוואַרלאָזטע יידישע קינדער פון ווילנע און אומגעגנט, פאַר זייער פאַרזאָרגונג און דערציונג.

.4

דער פאַרבאַנד שטעלט אַוועק אויפן טאָג־אָרדענונג פאַר אלע ווילנער יידן און לאַנדסמאַנשאַפן פון ווילנע און אומגעגנט די אויפגאַבע צו דערפילן דעם חוב פון די לעבן־פאַרבליבענע, צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון דער 150־טויזנטיקער עדה יידן פון ווילנע און אומגעגנט:

א. דורך שאַפן ירושה־קאָמיסיעס ביי אלע לאַנדסמאַנשאַפטן פון ווילנע און ווילנער אומגעגנט, וועלכע זאָל זיך פאַרנעמען:

ב. מיט אויפזאַמלען אלע מאַטעריאַלן, דאָקומענטן, פאָטאָגראַפיעס, זכרונות, אַרטיקלען און ביכער, וועלכע דערציילן פון יאָרהונדערטער יידיש לעבן און שאַפן פון ירושלים דליטא.

ג. מיט אויפקלייבן, פאַרשרייבן, קאָפּירן אלע דאָקומענטן, גבית־עדותן, טאָגביכער, בריוו, זכרונות, צייכענונגען און פאָטאָגראַפיעס ביי די לעבן־געבליבענע יידן פון ווילנע און אומגעגנט וועגן: ווילנער געטאָ־לעבן, ווילנער יידן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן; ווילנער יידן אין אויפשטענדלער־גרופן, אין פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן; ווילנער יידן אין דער רויטער אַרמיי, פּוילישער אַרמיי, און פאַרבינדעטע אַרמייען; ווילנער יידן אויף דער אַרישער זייט; ווילנער יידן אין דער עמיגראַציע (ראַטנפאַרבאַנד א. אַנד. לענדער); יידן נישט־ווילנער אין ווילנער געטאָ; ווילנער נישט־יידן, וועלכע האָבן געראַטעוועט און אויסבאַהאַלטן יידן און יידישע קינדער; ווילנער נישט־יידן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט אַרויסגעבן אָדער אַליין געהאָלפן אויסמאָרדן די יידן אין ווילנע; ווילנער יידן — פאַרעטער א. ד. גל. וואָס שייך דער ווילנער אומגעגנט.

ד. איבערגעבן די אלע אויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק, דעם היסטאָרישן ארץ־ישראל־ארכיוו „יד ושם לגולה" אין ירושלים אד"גל. צו אַנדערע יידישע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס מיט דעם תנאי, אַז ביי די וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, זאָלן געשאַפן ווערן ווילנער צימערן. — מוזיי־אַרכיוון פון ירושלים דליטא.

.5

דער פאַרבאַנד העלפט שאַפן דעם געהעריקן אָנדענקס־פאָנד:

א. אויסצושטאַטן און אויסצוהאַלטן די ווילנער צימערן ביי אלע יידישע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

ב. אויף סטיפּענדיעס און פּרעמיעס: פאַר די אַקטיווסטע זאַמלער פון וויכטיקסטע זאַמלונגען, פאַר די בעסטע פאָרשונגען און אָפּהאַנדלונגען פון און וועגן דער פיריעריקער מאַרטיראָלאָגיע פון דער יידישער ווילנע און די יאָרהונדערטער געשיכטע פון שעפערישן, יידישן נאַציאָנאַלן לעבן אין ווילנע אין אלע זיינע פאָרמען.

ג. ארויסצוגעבן אַ יזכור־אַלבאָם פון די אומגעקומענע יידן פון ווילנע און אומגעגנט און פון די פארניכטעטע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין ווילנע.

ד. אַרויסצוגעבן „בלעטער וועגן ווילנע" און זאַמלעפטן, מיט די וויכטיקסטע אויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן, דאָקומענטן, זכרונות און געשיכטלעכע אָפּהאַנדלונגען און „ווילנער נייעס", פאַרבינדענע אין באַריכטן פון לעבן און ווירקן פון די יידן אין ווילנע און אומגעגנט און זייערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין גאָר דער וועלט.

.6

דער פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פוילן באַשטימט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט אויסגעפינען און איבערגעבן דער געריכטס־מאַכט די יעניקע, וועלכע האָבן זיך דירעקט אָדער אומדירעקט באַטייליקט אין אומברענגען די יידן פון ווילנע און ווילנער אומגעגנט.

א. די ספּעציעלע קאָמיסיע זאַמלט די באַשולדיקונגס־מאַטעריאַלן, פאַרהערט און פאַרשרייבט די וויטיקע גבית־עדות פאַר דער געריכטס־אויספאָרשונג, זאַמלט ידיעות וועגן וווינאָרט פון די פאַרברעכער און שטייט אין פאַרבינדונג מיט אַלע דערצו מאָסגעבנדיקע פּערזאָנען און אינסטיטוציעס.

ב. די ספּעציעלע קאָמיסיע ווענדעט זיך דורך דער פּרעסע צו אַלע לעבנגעבליבענע יידן און נישט־יידן. וואָס האָבן וועלכע־ס׳איז אינפאָרמאַציעס וועגן אַזעלכע פאַרברעכער אָדער ידיעות וועגן זייער וווינאָרט, תיכף מיטצוטיילן דער קאָמיסיע.

ג. דער פאַרבאַנד שאַפט אַ ספּעץ־פאָנד אויף הוצאות און פּרעמיעס פאַר די געפינער פון די געזוכטע פאַרברעכער.

7

געדענק־טעג:

א. דער פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פוילן, דערקלערט דעם טאָג פון דער ליקווידאַציע פון ווילנער־געטאָ—23 סעפּטעמבער 1943, אַלס טרויער־טאָג פון ווילנער יידן אין גאָר דער וועלט.

ב. דער פאַרבאַנד דערקלערט דעם טאָג פון אריינמאַרש פון די יידישע פּאַרטיזאַנער מיט דער באַפרייערין — דער רויטער ארמיי אין ווילנע, דעם 13 טן יולי 1944, אַלס געדענק־טאָג פון די ווילנער יידן אין גאָר דער וועלט.

.8

די מיטגלידער פון פאַרבאַנד.

צום פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פוילן געהערן:

א. יעדער געוועזענער לאַנגיאָריקער איינוווינער פון ווילנע און ווילנער אומגעגנט וואָס פילט זיך פאַרבונדן מיט דער יידישער ווילנע און געהערט נישט בדרך כלל צו קיין שום צווייטער לאַנדסמאַנשאַפט.

.9

די פאַרבאַנד־אָפּטיילונג פירט צווישן אירע מיטגלידער

א. קולטור־ארבעט.

ב. הילפס־אַרבעט און

ג. פּראָדוקטיוויזאַציע־ארבעט.

ה. די פאַרבאַנד־אָפּטיילונג פייערט און היט אָפּ די וויכטיקסטע געדענק־טעג פון לעבן און אומקום פון יידישן קיבוץ אין ווילנע און יידישע ישובים פון ווילנער אומגעגנט.

# פאַרוואַלטונג פון פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פּוילן

**1946 1947**


א. סוצקעווער.


כ. שעפטעל.


ד״ר א. ליבאַ-פאַרזיצער.


כ. ראָן-סעקרעטאַר.


א. ציצינאַטוס.


ח. גראַרט.


ווירשופּ.


מ. מאַכטיי.


ש. קאַמשעגינסקי.


אדוו. ר. גילעלס.


מ. זיירשנור.


אינזש. מ. עפשטיין.


אינזש. י. יפה.


כ. קאַריסקי.


ד״ר וו. ישוּוזראָוו.


אינזש. מ. ספּאַקאַיני.


ר. מאַדייסקער.


מ. ראַיאַק.


א. זשעלעזניקאָוו.


פּ. העלערשטיין.

## לייזער ראַן
סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד

# די טעטיקייט פון פאַרבאַנד פון ווילנער יידן

לויט דער איניציאַטיוו פון ל. ראַן, ד"ר א. ליבאַ, ש. קאַטשערגינסקי און י. יפה זיינען זיך דעם 29־טן אפריל 1946 צוזאַמענגעקומען 10 ווילנער געזעלשאַפטלעכע טוער (די דערמאָנטע און ל. שעפּטעל, מ. זיידשנור, א. צינצינאַטוס, א. זשעלעזניקאָוו, אינזש. מ. עפּשטיין און ח. קליאַטשקין), וועלכע האָבן נאָך אַ באַראַטונג באַשלאָסן צוצוטרעטן צו דער אָרגאַניזירונג פון אַ ווילנער לאַנדסמאַנשאַפט אין לאָדזש. די גרופּע האָט זיך דערקלערט אלס אָרגאַניזיר־קאָמיסיע און אויסגעוויילט דעם ד"ר א. ליבאַ אַלס פאַרזיצער און ל. ראַן אלס סעקרעטאַר. ס'איז באַשטימט געוואָרן צוזאַמענצורופן אַ ברייטערע באַראַטונג פון אלע ווילנער געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס געפינען זיך אין לאָדזש, אויסאַרבעטן אַ סטאַטוט און רופן אן אלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אלע ווילנער יידן אין לאָדזש.

דעם 3־טן מאי 1946 זיינען זיך צוזאַמענגעקומען 28 געזעלשאַפטלעכע טוער פון אַלע ריכטונגען און דעם 9־טן מאי איז פאָרגעקומען די ערשטע אלגעמיינע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון ווילנער פאַרבאַנד אין לאָדזש. ביי 500 יידן פון ווילנע און אומגעגנט האָבן פאַרפולט דעם זאַל. ד"ר א. ליבאַ עפנט די פאַרזאַמלונג, און דער עולם באערט אין שטילשוויגן די אומגעקומענע 75.000־טיקע ווילנער עדה. רעד. ג. יאַשונסקי גיט איבער אַ גרוס פון די ווילנער יידן אין אַמעריקע. לייב שעפּטעל גיט אן אלזייטיקן איבערבליק איבער דער יאָרטויזנטיקער געשיכטע פון ווילנע בכלל און דער יידישער ווילנע בפרט. ל. ראַן רעדט וועגן די אויפגאַבן פון ווילנער פאַרבאַנד אין פוילן, לייענט פאָר דעם סטאַטוט און דעם אויפרוף־בריוו צו אלע ווילנער יידן, און זיי ווערן אקצעפּטירט דורך די פאַרזאַמלטע.

נאָך אַ דיסקוסיע ווערט באַשלאָסן, אז די פאַרבאַנד־פאַרוואַלטונג זאָל געוויילט ווערן דורך שטימצעטלען. ווייל זאָלן בלויז יענע פערזאָנען, וועלכע וועלן אויספילן אַ פאַרבאַנד־דעקלאַראַציע און די אַנקעטע נומ' 1.

אין דער פאַרוואַלטונג זיינען אויסגעוויילט געוואָרן: ד"ר א. ליבאָ (פאָרזיצער), לערער לייב שעפּטעל און מגר. א. צינצינאַטוס (וויצע־פאָרזיצער), זשורנאַליסט ל. ראַן (סעקרעטאַר), מ. זיידשנור (2־טער סעקרעטאַר), דאָצענט י. ווירשופ (פינאַנסן), מיטגלידער: פּאָעט־פּאַרטיזאַן א. סוצקעווער, פּאָעט ח. גראַדע, הרב סאָראָטשקין, מגר. א. טורבאָוויטש, שרייבער־פּאַרטיזאַן ש. קאַטשערגינסקי, ד"ר פּ. לידסקא, עסקן ח. קליאַטשקין, רעד. ג. יאַשונסקי, יוגנט־טוער ל. קאָריסקי, דרוקער — פּ. העלערשטיין און אדוו. ראיע גילעלס.

אין רעווידיר־קאָמיסיע: אינזש. י. יפה, אינזש. מ. עפּשטיין און בוכהאַלטער מ. מאכטיי.

אין ערן־געריכט: פּראָפעסאָר ד"ר יעקב מאָװשאָוויטש, גימנאַזיע־דירעקטאָר אברהם ריינהארץ, ד"ר י. גענזעל, אַדוו. ראַטשקאָ און ד"ר וויינשטיין.

נאָכן אָפּפאָרן פון אַ טייל פון די אויסגעוויילטע זיינען אין סעפּטעמבער 1946 צוגעקאָאָפּטירט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג די אַקטיווע פאַרבאַנד־מיטגלידער: ר. מאַדייסקער, אינזש. מ. ספּאָקאָיני, ד"ר יעווזעראָוו, אַ. זשעלעזניקאָוו, א. עטינגין און פאַרוואַלטער פון דער גלובאָקער שול. מ. ראַיאַק — פאָרשטייער פון דער ווילנער אומגעגנט.

---

דער פאַרבאַנד־סעקרעטאַריאַט, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין לאָקאַל פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע, איז שפּעטער אַריבער אין אייגענעם לאָקאַל אין לאָדזש, נאַרוטאָוויטשאַ גאַס 12, וו. 15.

דער סעקרעטאַריאַט האָט דורכגעפירט די רעגיסטראַציע פון דער שארית־הפליטה, געענטפערט אויף פיל בריוו און מונדלעכע פאַרשידענע אָנפראַגן, אויסגעפונען און פאַרבונדן פיל יידן פון ווילנע און אומגעגנט מיט זייערע קרובים אין אויסלאַנד. ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן (העקטאָגראַפירט און געדרוקט): דער פאַרבאַנד־סטאַטוט, דער אויפרוף־בריוו צו אלע ווילנער יידן, די דעקלאַראַציע און די אנקעטע נומ' 1.

די פאַרוואַלטונג פון פאַרבאַנד קלייבט זיך אויף יעדע וואָך צו באַהאַנדלען אלע לויפנדיקע ענינים, אַרבעטס־פּלענער און פּראָיעקטן. די פאַרוואַלטונג פון פאַרבאַנד האָט זיך פאַרבונדן, אָרגאַניזירט און אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט די אָרגאַניזיר־גרופּן פון פאַרבאַנד אין:

שטעטשין — פאָרזיצער: ש. ח. דובין, וויצע־פאָרזיצער: נ. לעווין, סעקרעטאַר: יאַנקעלעוויטש, ברענער, מגר. כאַווקין און ה. קאָזלאָווסקי.

ריכבאַך — אָרגאַניזאַטאָר: אַבע פּאָסוויל און פאָרזיצער: א. קאַראַסין.

שווידניץ — פאָרזיצער: מ. וועקסלער, וויצע־פאָרזיצער: פּרוי שמולעוויטש און אגעליס.

יאַוואָר — פאָרזיצער: ע. דאַברושקעס.

וואַרשע — פאָרזיצער: אינזש. שלאַגמאַן, סעקרעטאַר: ד"ר ב. קאָברינסקי.

זאַגוזשע — אָרג. א. גינזבורג.

ביעלאַווע — פאַרוואַלטונג: חיים ראָזען, לייב מירסקי, לייב גינזבורג, מ. ליפשיץ.

ביסטזשיצע — אָרג.: ר. שופיאַן.

זיעמביצע — פאָרזיצער: בירנבוים, סעקרעטאַר־זאַלצמאַן, מאַסטווילישקער.

ליגניץ — אָרגאַניזאַטאָרן: העש רעמיגאַלסקי, אַברהם־בערנשטיין.

זשאַרי — פאָרזיצער: ב. קאָוואַל, אַבראַמאָוויטש און קאַדושין.

וואלבזשיך — אָרגאַניזאטאָרן: ד״ר צירינסקי, אינזש. ק. קאַטשינסקי און י. מישצאנסקי. פּאָרזיצער: . יאשונסקי.

ביאַליסטאָק — ש. קאגאן־גאָלדמאן

סוואלק — ח. וויניצקאַ־קאַגאַן.

וולאָצלאַוועק — ד. קאַרמאַזין.

יעלעניא־גורא — אָרג. יעקב גיטעלזאָן.

לענבאָרק און לעבא — אָרג. מאָריס ליפשיץ.

וורָאצלאַוו — פּאָרזיצער מ. קאַרפּינאָוויטש.

פאר דער צייט וואָס דער פאַרבאַנד עקזיסטירט, האָט ער שוין באַוויזן צו ווערן אַ וויכטיקע אינסטיטוציע אין לעבן פון די ווילנער אין פוילן.

דער פאַרבאַנד פירט אַ לעבעדיקע קולטור־ארבעט:

דעם 16־טן יוני 1946 האָט דער פאַרבאַנד איינגעאָרדנט אַן אימפּאָזאַנטע באַגעגעניש מיט די חשובע בני־עיר, די באַרימטע יידישע פּאָעטן חיים גראַדע און אברהם סוצקעווער. אין פּרעזידיום זיצט די פאַרוואַלטונג פון ווילנער פאַרבאַנד. אין דער באַגעגעניש האָבן זיך באַטייליקט חוץ די דיכטער ח. גראַדע און א. סוצקעווער, — ד״ר ליבאָ, ל. ראַן, ש. קאַטשערגינסקי, נ. בלומענטאַל, די זינגערין וויערא ליבאָ און די באַגאַבטע ווילנער געטאָ־ארטיסטין היהלע ראָזענטאַל. דער פרימאָרגן האָט מיט זיין קינסטלערישן ניוואָ געלאָזט אַ שטאַרקן רושם אין יידישן לאָדזש.

דעם 18־טן יולי 1946, אין יאָרטאָג פון ארייַנמארש פון די יידישע פּאַרטיזאַנער מיט דער באַפרייערין — דער רויטער ארמיי אין ווילנע און אין יאָרצייט נאָכן העלדיש־אומגעקומענעם קאָמאַנדיר פון פ. פ. אָ. (פאַרייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע) פון ווילנער געטאָ — איציק וויטנבערג האָט דער פאַרבאַנד איינגעאָרדנט אַ געדענק־אָוונט. „בימי קעלץ״, זיינען איבער 400 ווילנער יידן געקומען באַערן דעם אָנדענק פון דער פאַרשניטענער ווילנער עדה יידן און דער פאַרשטומטער עיר ואם בישראל. אין דעם אָוונט נעמט אָנטייל דער ספּעציעל געקומענער פּראָפעסאָר אדאם לודוויק (א פּאָליאַק פון ווילנע), וועלכער טיילט אין זיין האַרציקער רעדע צוגלייך מיט זיינע בני־עיר יידן, דעם צער־און צאָרן־געפיל אויף קעלצער אומגליק און שאַנד. פּראָפעסאָר לודוויק לייענט זיין פּאָעמע „פּאָנאַרי״, אַ מיסטעריע וועגן דער אויסראָטונג פון ווילנער יידן. דער זאַל שטעלט זיך און ענטפערט דעם מחבר און יידן־פריינט מיט לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן, בלומען און דאַנק־אויסדרוקן.

ל. שעפטעל רערציילט זכרונות „קינדער און לע־ן׳ער אין ווילנער געטאָ״. דער שרייבער־פּאַרטיזאַנער ש. קאַטשערגינסקי רעדט וועגן העלדיש־אומגעקומענעם קאָמענדאַנט איציק וויטנבערג. אַ. סוצקעווער לייענט זיינע געטאָ־לידער. דעם אָוונט פאַרענדיקן די שילער פון ווילנער יידישן מוזיקאַלישן אינסטיטוט, זינגער סערענסען אין באַגלייטונג פון פּיאַניסט באָטווינניק וועלכע פירן אויס עטלעכע געטאָ־לידער.

דעם 23־טן סעפּטעמבער 1946 האָט דער פאַרבאַנד איינגעאָרדנט אַן אימפּאָזאַנטע טרויער־אקאַדעמיע צום ־ריטן יאָרטאָג פון דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ (זע באַזונדערן ארטיקל).

די געדענק־אָוונטן פון פאַרבאַנד האָבן פיל, פיל דערמאָנט אין די קולטור־פייערונגען אין אונזער אַלטער, אומפאַרגעסלעכער היימשטאָט.

די פאַרוואַלטונג האָט אויסגעארבעט א פּראָיעקט פון אַן „אָנדענק־זשעטאָן פון דער יידישער ווילנע״. אַ שטעק־בריוו נאָך די מערדער פון דער ווילנער עדה. דער פאַרבאַנד האָט גרייט ארויסצוגעבן די ערשטע רשימה פון די אומגעקומענע ווילנער יידן, עטלעכע ארבעטן וועגן ווילנער געטאָ און א. וו.

דער פאַרבאַנד האָט צעשיקט 80 אינפאָרמיר־בריוו צו אַלע ווילנער לאַנדסמאַנשאַפטן, צענטראַלע יידישע אינסטיטוציעס, יידישע צייטונגען און זשורנאַלן אין אויסלאַנד און גערופן אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן פון ווילנע און אומגעגנט זיך צו פאַרבינדן מיטן ווילנער פאַרבאַנד אין פוילן, אָבער ליידער האָבן מיר זייער לאַנג געוואַרט אויף זייער אָפּרוף און ענטפער.

לעצטנס איז אונז געלונגען צו פאַרבינדן זיך מיט ־ׅ ווילנער לאַנדסמאַנשאַפטן אין:

ניו־יאָרק 1. פאַרייניקטער ווילנער הילפס־קאָמיטעט — פּאָרזיצער: ס. יאכעלסאָן, סעקרעטאַר: י. ישורין.

2. פריינט פון ווילנע — פּאָרזיצער: י. ראַסנער, סעקרעטאַר: ש. סטראַשון.

תל־אביב — „אגוד יוצאי וילנה והסביבה לעזרה ולהצלה״ — פּאָרזיצער: ד״ר א. לעוויט, סעקרעטאַר: ח. קאַפּעלאָוויטש.

פּאַריז — פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פראַנקרייך. — פּאָרזיצער נ. פיינשטיין.

יאהאַנעסבורג — „ווילנער סיק־בענעפיט און בענעוואָלענט סאָסייטע״ אין דרום־אפריקע — סעקרעטאַר: ז. וויניק.

מאָנטעווידעאָ — הילפּס־פאַרבאַנד פון ליטוויש־לעטישע יידן אין אורוגוואַי—פּרעזידענט: ה. אישימין, סעקרעטאַרן: ח. יאַפּפּע און ל. לעווין.

בוענאָס־איירעס — ליטוויש־יידישער פאַרבאַנד אין ארגענטינע — פּאָרזיצער: ע. יאַפּפּע, סעקרעטאַר: ל. סטאַלעוויטש.

טראָץ דעם, וואָס די אָנגעהויבענע ארבעט איז אַזוי הייס רעקאָמענדירט געוואָרן פאָרצוזעצן ווייטער, זיינען ליידער אונזערע מיטלען פאַר דער דאָזיקער ארבעט און די נויטיקע דרינגנדיקע הילף פאַר די ווילנער רעפּאַטריאַנטן מינימאַלע, צוליב וואָס מיר זיינען נישט אומשטאַנד קאָנקרעט צו ענטפערן אויף די פיל ווענדונגען און צענדליקער ביטעס פון די ווילנער פון אַלע עקן פוילן, וועלכע ווענדן זיך צו אונז נאָך הילף.

דער אָנהייב ארויסצוגעבן דעם דאָזיקן ערשטן נומער „בלעטער וועגן ווילנע״ איז געמאַכט געוואָרן נאָך אַ געלט־זאַמלונג צווישן די ווילנער יידן אין לאָדזש. די ווילנער יידן, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, גייען אָן מיט דער גלאָריעזער טראַדיציע פון דעם מאָדערנעם ירושלים דליטא: שאַפן מיט קליינע מיטלען, אָבער גרויסער עקשנות.




# טרויער־אַקאַדעמיע צום דריטן יאָרטאָג פון דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ

„ווילנער געטאָ — 23 סעפטעמבער 1943"... אין שיין פון די געצונדענע הזכרה־ליכט, וואָס פלעמלען אויף דער פייערלעך־דעקאָרירטער בינע, דוכט זיך אַ רגע אויס, אַז די דאָזיקע ווייסע געשריבענע אויפן טונקעלן פאָן אותיות, שוועבן אַרויס פון אַן אומענדלעך טרויעריקער און אייביקער שוואַרצקייט. פון אַ טיפן און ווייטיקלעכן חושך גייען זיי אויף, די ווערטער פון דער אויפשריפט, די פשוטע ווערטער, וואָס זיינען געוואָרן אַ טראַגישער סימבאָל. און ווען עס קלינגען אויף טענער פון שאָפּענס טרויער־מאַרש מיט דער געלייטערטער עבודה - פייערלעכקייט, מיט דער שטרענגשאַפט פון גורל און אייביקייט, זינקען אַראָפּ די קעפּ אין טיפן טרויער און ערפאַרכטיקייט. איבער אייך שוועבט דער אָטעם פון געשיכטע, וואָס איינע פון אירע בלוטיקסטע בלעטלעך איז פאַרשריבן דורך דעם אומקום פון די באַדייטנדיקסטע יידישע ישובים אין אייראָפּע און צווישן זיי, פון ירושלים דליטא, פון דער יידישער ווילנע.

ד"ר ליבאַ, דער פאָרזיצער פון פאַרבאַנד פון די ווילנער יידן אין פוילן עפנט ביי אַ פייערלעכער שטילקייט די טרויער־אַקאַדעמיע געווידמעט דעם דריטן יאָר־טאָג פון דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ. אין זיין רעדע דערציילט ד"ר ליבאַ וועגן פיר יום־כיפּור־טעג אין ווילנע אין די יאָרן 1941—42—43 און 44. אין דער דערמאָנונג וועגן די פיר יום־כיפּורס גייען אַדורך די טראַגישע איבערלעבענישן פון די ווילנער יידן. עס זיינען פיר הייליקע טעג פון פיר הייליקע יאָרן.

דער שרייבער און פּאַרטיזאַן שמערקע קאַטשערגינסקי לייענט אַ קורצע כראָנאָלאָגיע וועגן די געשעענישן אין ווילנער געטאָ.

דער דיכטער און פּאַרטיזאַן אברהם סוצקעווער, וועלכער איז געווען דער עדות און דער קרבן פון אַ ריי גרוילטאַטן פון די דייטשן אין ווילנער געטאָ באַרירט דאָס פּראָבלעם ווידערשטאַנד און שטעלט זיך אָפּ אויף דער גרויסער צעטומלונג, וואָס די דייטשן האָבן אַריינגעטראָגן אין די מוחות פון די ווילנער יידן. איינדרוקספול און בילדעריש שילדערט דער דיכטער אַ ריי עפּיזאָדן, וועלכע דעקן אויף דורך זייער כאַראַקטעריסטישקייט אַ סך פאַרהוילענע מאָמענטן אין דעם רעטעניש: געטאָ. צום סוף לייענט א. סוצקעווער אַ פּאָעמע „געזעגענונג", וועלכע ער האָט אָנגעשריבן בעת ער איז אַרויס פון ווילנע אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער. מיט געשפּאַנטקייט הערט דער עולם די רירנדיקע פערזן, מאָמענטנווייז דוכט זיך אויס, אַז דער דיכטער לייענט אַן אַלטע אייביקע קינה געשריבן אויף פּאַרמעט.

ל. שעפּטעל גיט איבער זכרונות פון ווילנער געטאָ. ער שטרייכט אונטער די דערהויבענע שיינע מאָמענטן אין דער קולטור־טעטיקייט פון געטאָ. ער שטעלט זיך אָבער אויך אָפּ אויף אַ ריי נעגאַטיווע דערשיינונגען, וועלכע ער דעפינירט און קלערט אויף.

דער דיכטער חיים גראַדע שילדערט די גאַנצע גאַמע פון ווייטיק, פאַרצווייפלונג און האָפענונג, וואָס האָט זיך דערפילט אין די הערצער פון די ווילנער יידן אויף עוואַקואַציע אין פאַרבינדונג מיט די ידיעות, וועלכע זיינען אָנגעקומען פון זייער היים־שטאָט ווילנע, מיט עכטער דיכטערישער עקספּרעסיע דערציילט חיים גראַדע וועגן זיין באַזוך אויפן ווילנער שול־הויף שוין נאָך דעם, ווי די דייטשן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון ווילנע. איבערגייענדיק צו דער טעמע: ווילנער יידישקייט, מאַכט דער דיכטער אַ היסטאָרישן אַנאַליז פון אַ ריי ווענדפּונקטן אין דער יידישער געשיכטע און זאָגט אַרויס געדאַנקען וועגן די אויפגאַבן פאַר די פאַרבליבענע ישוביםביים פאַרזעצן די טראַדיציע פון יידישן גייסט.

חיים גראַדע לייענט צום סוף אַ קאַפּיטל פון זיין פּאָעמע „ווילנע". דאָס קאַפּיטל איז געווידמעט דעם ווילנער שול־הויף. איבערצייגנדיק מיט דער דיכטערישער פּלאַסטישקייט גייט פאַר אונז אויף דאָס כאַראַקטעריסטישע ווינקל פון דער יידישער ווילנע. דאָס איז אַן עפּיש ווערק, וואָס שפּיגלט צום בולטסטן אָפּ די גוטע דיכטערישע אייגנשאַפטן פון חיים גראַדע.

דער יוגנטלעכער א. זשעלעזניקאָוו רעדט וועגן דער מוסטערהאַפטער יוגנט פון ווילנער געטאָ. ער דערמאָנט די העלדן סאָניע מאַדייסקער, יאַנקל קאַפּלאַן, כוואַיניק און אסיע ביג, וועלכע זיינען אַרויס־

עוואקסן פון דער יוגנט-סביבה פון דער יידישער ווילנע.

איינדרוקספול איז די הזכרה-תפילה, וואָס דער חזן זיידענסען ריכט אָפּ נאָך די אומגעקומענע קדושים.

נאָך אַן איבעררייס האָט די אַקטריסע דאָרא רובינא געזונגען לידער פון ווילנער געטאָ. אַקאָמפּאַנירט האָט דער קאָמפּאָזיטאָר ל. וויינער.

די אַקאַדעמיע האָט איינגעאָרדנט דער פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פוילן.ביים פּרעזידיום-טיש האָבן זיך געפונען די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג: זיידנשנור, אינזש. עפּשטיין, אינזש. ספּאַקאיני, רעד. ציניצינאַטוס, ריווע גילעלס, ל. קאַריבקי, פישל העדערשטיין, מאַדייסקער, יאַפּע, ל. רייזען, ראַיאַק און די אויבנדערמאָנטע רעדנער.

די אַקאַדעמיע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר הויכן ניוואָ און פייַנעם פייערלעכן סטיל. דאָס פּאַרטיזאַנער ליד „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג“, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון ווילנער געטאָ, איז אַמבעסטן צוגעפּאַסט געווען צו דעם דאָזיקן אָוונט.

(„דאָס נייע לעבן“, נומ. 35, לאָדזש, סעפּט. 1946).

י. יאָנאַס.




פלאַקאַטן פון די אָוונטן איינגעאָרדנטע דורכן ווילנער פאַרבאַנד
אין לאָדזש אין 1946

לייזער ראַן

# די שארית־הפליטה פון ווילנע און אומגעגנט

## (באמערקונגען צו דער ערשטער רשימה *)

די ערשטע רשימה פון דער שארית־הפליטה פון ווילנע און אומגעגנט אין פוילן, וועלכע איז **אָפּגעדרוקט אין דאָזיקן בוך, איז צוזאַמענגע**שטעלט געוואָרן פון 543 אויסגעפילטע אנקעטעס, פון 7 קאָלעקטיווע רשימות (פון נידער־שלעזיע) און פון 286 בריוו פון פאַרשידענעם אינהאַלט, וועלכע זיינען אָנגעקומען אין ווילנער פאַרבאַנד פון אַלע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, ווו ווילנער יידן האָבן זיך צייטווייליק געפונען נאָך זייער באַפרייונג פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אָדער האָבן זיך אומגעקערט פון ראַטנפאַרבאַנד. אָט דאָס פאַרשידנקייט פון די קוועלן האָט גורם געווען, וואָס נישט וועגן יעדער פאַרערגיסטרירטן האָבן מיר די נויטיקע ידיעות און נישט ביי יעדערן זיינען פאַרפילט אַלע רובריקן.

די אַלע צוגאָב־ידיעות, וועלכע מיר גיבן אויסער די פאַמיליע־נעמען, ווי: נעמען פון טאַטע־מאַמע, באַשעפטיקונג, **געוועזענער ווילנער** אַדרעס און אַנד. האָבן קודם־כל אַ פּראַקטיש ציל: זיי באַצייכענען גענויער די געגעבענע **פּערזאָן** און דערמעגלעכן, לייכטער און אָן ספק צו דערקענען די געזוכטע קרובים און פריינט צווישן די לעבנגעבליבענע. צוזאַמען מיט אַזעלכע אָנגאַבן ווי: ווו געווען אין די מלחמה־יאָרן און לעבעדיק־געבליבענע פאַמיליע־מיטגלידער, — גיט די רשימה די נייטיקסטע אינפאָרמאַציעס און ביקדעט אָן ערשט **ברייוול פון יעדן לעבן־פאַרבליבענעם.**

די איצטיקע גענויע אַדרעסן פון די לעבנגעבליבענע **האָבן מיר נישט אָנגעגעבן** פשוט דערפאַר, ווייל די מערהייט רעפּאַטריאַנטן האָבן נאָך נישט קיין שטענדיקן **אַדרעס און געפינען זיך** צופעליק און צייטווייליק **אין פאַרשידענע** רעפּאַטריאַנטן־הייזער, קבוצים, אָדער אויף אַנדערע צייטווייליקע אַדרעסן, בפרט, אַז שוין אַ היפּשער טייל פון די דאָ פאַרערגיסטרירטע **געפינט זיך אויסער די גרענעצן** פון פוילן, אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע און אַנד. שרייבן קאָן מען דעריבער אויפן אַדרעס פון ווילנער פאַרבאַנד אין לאָדזש, וועלכער וועט די בריוו איבערשיקן **אויף די נייע אַדרעסן.** אַזוי ווי די אַנקעטעס זיינען, **בדרך כלל,** אויסגעפילט געוואָרן נישט פון יעדער־לעבעדיקער פּערזאָן באַזונדער, נאָר פון איין **פּערזאָן, פאַר דער גאַנצער** לעבנגעבליבענער משפּחה, האָבן מיר **געמוזט אויך** אונזערע ידיעות אָנגעבן אויפן נאָמען פון יענע פאַמיליע־פּערזאָן, וועלכע האָט די **אַנקעטע אויסגעפילט,** און אַלע אַנדערע לעבעדיקע **פאַמיליע־מיטגלידער זיינען פאַרצייכנט** אין דער רובריק נומ' 7.

די פאַמיליע־מיטגלידער, וועלכע טראָגן אַ צווייטע פאַמיליע, **אָדער ביי דאָפּל־פאַמיליעס** (ביי פרויען: פון געבוירן און נאָך דער חתונה), **זיינען פאַרצייכנט** אין דער רשימה אויףביידע פאַמיליעס, דערביי ווערן אונטער איין פאַמיליע געגעבן אַלע פאַראַנענע ידיעות און אונטער דער צווייטער ווערט בלויז געמאַכט אַן אָפּשיק (זע:) **צו דער פאַמיליע,** אונטער וועלכע די ידיעות וועגן דער געגעבענער פּערזאָן זיינען אָנגעגעבן.

אין דער ווילנער אומגעגנט האָבן מיר אויסגעטיילט באַזונדער **יעדער** שטעטל, אַריינרעכענענדיק אַהין בלויז יענע פּערזאָנען, וועלכע האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר לאַנגיעריקע איינוווינער פון געגעבענעם שטעטל, אָדער פילן זיך אָנגעהעריק צום געגעבענעם אָרט, אומאָפּהענגיק פון דעם, ווו זיי זיינען געבוירן.

אויסער דעם פּראַקטישן ווערט פון קאָנען אויסגעפינען **און פאַרבינדן פאַרלוירענע קרובים און** פריינט, איז די רשימה דער ערשטער קאָלעקטיווער איבערבליק פון דער שארית־הפליטה פון ווילנע און אומגעגנט. און כאָטש די רשימה איז בלויז אַן אָנהייב, **נאָך וועלכן עס דאַרפן און וועלן געוויס קומען** ווייטערדיקע צוגאָב־רשימות: סיי פון פוילן, סיי פון די אַנדערע דורכוואַנדער־ און איינוואַנדער־מקומות **פון די גרעסטע טייל ווילנער יידן; סיי פון די לאַגערן** פון דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליע, וווהין די עמיגראַציע־כוואַליע איז דערווייל דערעיקרשט געווענדעט; סיי פון פראַנקרייך, שוועדן, ארץ־ישראל, צפון און **דרום־אַמעריקע, — גיט שוין אַפילו די דאָזיקע** רשימה אַן אינטערעסאַנטן און אויסערסט וויכטיקן סטאַטיסטישן **מאַטעריאַל צו דעם בילד פון דער ווילנער שארית־הפליטה.** לויט דער, **אין דער גאַנצער** וועלט **אָנגענומענער סיסטעם פון באַרימטן גאַלאַפּ־אינסטיטוט,** קאָן מען שוין אונטערפירנדיק די סך־הכלען, **ענטפערן אויף אַ סך פראַגן. מיר ווילן נאָר** אָנווייזן און **אונטערציען די סאַמע וויכטיקסטע סך־הכלען.**

פון די, ווי מען איז משער, ביז 5.000 לעבנגעבליבענע יידן פון ווילנע און אומגעגנט, פון וועלכע ביז 3.000 זאָלן (לויט די זעלבע אויסרעכענונגען און השערות) האָבן געווען אין פוילן, נאָכן פאַרענדיקן די רעפּאַטריאַציע **פון ראַטנפאַרבאַנד. האָבן זיך** ביזן 1־טן סעפּטעמבער 1946 י. פאַררעגיסטרירט אין ווילנער פאַרבאַנד:

ווילנער יידן — 1089 פּערזאָן
פון ווילנער אומגעגנט — 361 „

ס"ה 1450 פּערזאָן.

ד ע ר פ ו ן  ו ו י ל נ ע ר:
מענער — 474; פרויען — 527; קינדער — 88.
א ו מ ג ע ג נ ט:
מענער — 201; פרויען — 122; קינדער — 38.
צ ו ז א מ ע ן:
מענער — 675; פרויען — 649; קינדער — 126.
ס"ה: ווילנער — 1089, אומגעגנט — 361.

**צוזאַמען** — 1.450.

*) דער דאָזיקער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אויפן סמך פון דער ערשטער רעגיסטראַציע, וועלכע איז פאָרגעקומען פון מאַי ביז סעפּטעמבער 1946.

אין דער רשימה, וואָס איז געדרוקט אין זאַמל־בוך זיינען אריין די אַלע, וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט פון סעפּטעמבער 1946 י. ביז יאַנואַר 1947 י.

אין דער רעגיסטראַציע־אַרבעט האָבן אָנטיילגענומען די מיטאַרבעטער פון ווילנער פאַרבאַנד־סעקרעטאַריאַט אין לאָדזש: אברהם ריינהאַרץ, בת־שבע ראַן, און מירע איזראַעליט־קאָריסקי.

אלס „קינדער" האבן מיר פאררעכנט אזעלכע, בנוגע וועלכע ס'איז לויט די אנגעגעבענע ידיעות קיין ספק נישט געווען, אז זיי זיינען אצינד נישט עלטער פון 15 יאר.

דעם פאקט, וואס פון דער שטאט ווילנע איז דער פראצענט לעבנגעבליבענע פרויען גרעסער פון די מענער (פרויען — 48,5 פראצענט; מענער — 43,4; פראצענט; קינדער — 8,1 פראצענט), איז צו דער־קלערן דערמיט, וואס פרויען האבן זיך מער ווי מענער אפגעראטעוועט אין די דייטשע קאנצ.־לאגערן און אויף דער „ארישער זייט". פון די יידן פון דער ווילנער פראווינץ, **פאר וועמען קיין „ארישע זייט"** איז כמעט נישט געווען, און אין די גרעסטע קאנצ.־לאגערן זיינען זיי ווייניקער פארשיקט געווארן, נאר מען האט זיי „ליקווידירט" אויף די ערטער, האט זיך געראטעוועט א גרעסערער פראצענט מענער — אין ראטנפארבאנד און ביי די פארטיזאנער (מענער — 55,7 פראצענט; פרויען — 33,8 פראצענט און קינדער — 10,5 פראצענט).

די פראפארץ פון דער צאל געראטעוועטע קינדער איז פון ווילנע און אומגעגנט כמעט די זעלבע. די מערהייט קומט פון ר"פ. די איבעריקע פון דער „ארישער זייט" און פון אויסבאהאלטן זיך ביי נישט־יידן.

פון דער אפגעראטעוועטער שארית־הפליטה האבן אדורכגעמאכט:

1. געטאָס:

ווילנער יידן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| .1 | ווילנער געטא | 307 | פ. |
| .2 | איווייער ג' | 3 | " |
| .3 | אָשמענער ג' | 9 | " |
| .4 | דיסנער ג' | 3 | " |
| .5 | וואָלקאָווישקער ג' | 3 | " |
| .6 | טראָקער ג' | 1 | " |
| .7 | לידער ג' | 1 | " |
| .8 | סווירער ג' | 1 | " |
| .9 | פאָניעוועזש ג' | 1 | " |
| .10 | קאָוונער ג' | 3 | " |
| .11 | ביאליסטאקער ג' | 3 | " |
| .12 | ווארשעווער ג' | 9 | " |
| .13 | לאָדזשער ג' | 2 | " |
| .14 | מינסקער ג' | 2 | " |
| .15 | ריגער ג' | 2 | " |

**ס"ה 350 פערזאָ.**

ווילנער אומגעגנט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| .1 | ווילנער געטא | 11 | פ. |
| .2 | איווייער ג' | 31 | " |
| .3 | בראסלאווער ג' | 1 | " |
| .4 | גלובאקער ג' | 6 | " |
| .5 | דאלהינאָווער ג' | 5 | " |
| .6 | דרויער ג' | 1 | " |
| .7 | לידער ג' | 6 | " |
| .8 | לינטופער ג' | 4 | " |
| .9 | מיאדל ג' | 3 | " |
| .10 | סווירער ג' | 2 | " |
| .11 | סטאניסלער ג' | 2 | " |
| .12 | סמארגאנער ג' | 1 | " |
| .13 | ראדונער ג' | 2 | " |
| .14 | שארקאָווטשיזנער ג' | 3 | " |

**ס"ה 78 פערזאן.**

2. קאָנצענטראַציע־און פארניכטונגס־לאגערן:
**ווילנער — 157; אומגעגנט — 12; ס"ה — 169 פ.**

3. דייטשע מיליטערישע געפאנגען־לאגערן:
**ווילנער — 5; אומגעגנט — ; ס"ה — 5 פערזאן.**

4. אויף דער „אַרישער זייט":
**ווילנער — 46; אומגעגנט — —; ס"ה — 46 פ.**

5. אויסבאהאלטן ביי נישט־יידן:
**ווילנער — 29; אומגעגנט — 10; ס"ה — 39 פ.**

6. אין וואלד, אַלס פאַרטיזאנער אָדער אויפגעהאַלטן ביי די פארטיזאנער:
**ווילנער — 57; אומגעגנט — 81; ס"ה — 138 פ.**

7. אין דער רויטער אַרמיי, ליטווישע דיוויזיע און פוילישע ארמיי:
**ווילנער — 27; אומגעגנט — 13; ס"ה — 40 פ.**

8. אין ראטנפאַרבאַנד אין טיפן הינטערלאנד זיינען געבליבן לעבן:
**ווילנער — 473; אומגעגנט — 146; ס"ה 619 פ.**

כאטש אונזער ערשטע רשימה איז כולל, ווי מען איז משער, בערך איין דריטל פון די לעבנפארבליבענע, קאן מען שוין אויספירן מיט דער גאנצער זיכערקייט, אז דער גרעסטער פראצענט פון די געראטעוועטע יידן פון ווילנע און אומגעגנט קומט פון ר"פ (43,4 פראצ.). צוזאמען מיט זעלנער פון דער רויטער ארמיי (פוילישע און ליטווישע דיוויזיעס) גיט די צאָל פון די געראטעוועטע ווילנער אין ראטנפארבאנד אין אונזער רשימה 500 פ. — 45,9 פראצ. פון די לעבנפארבליבענע. בערך דאס זעלבע לאזט זיך זאגן וועגן דער אומגעגנט 159 פ. — 44 פראצ.

א היפשער פראצענט האט זיך געראטעוועט אין וואלד אין די פארטיזאנער־אָפטיילונגען: 5,23 פראצ. ווילנער און אזש 22,4 פון דער אומגעגנט.

אויף דער „ארישער זייט" אדער דורך אויסבאהאלטן זיך ביי נישט־יידן האבן זיך געראטעוועט: 6,9 פון די לעבנפארבליבענע ווילנער און בסך־הכל 2,8 פראצ. פון דער אומגעגנט.

ביי דער קליינער צאל איינוווינער און נאָענטן צוזאמענלעבן צווישן ייד און נישט־ייד אין די פראָווינץ־שטעטלעך איז לעבן, ווער רעדט נאך איבערלעבן אומדערקענטעהייט אויף דער „אדישער זייט" אין די ד' אמות פון די נאָענטע שטעטלעך, פארשטייט זיך, נישט מעגלעך געווען פאר די פראווינצער יידן. די יחידים וואָס זיינען לעבנגעבליבן אויף דער „ארישער זייט" האבן געלעבט ווייט פון אייגענעם יישוב. דערפון דער נול פראצ. לעבנגעבליבענע אויף דער „ארישער זייט" אין דער רשימה פון ווילנער אומגעגנט.

איבערגעלעבט די קאנצענטראציע־און פארניכטונגס־לאגערן האבן 14,9 פראצ. ווילנער שארית־הפליטהניקעס און 3,3 פראצ. פראָווינצער. כמעט א דריטל 31,7 פראצ. האט דורכגעמאכט דאס געטאלעבן פון די ווילנער און עפעס ווייניקער פון א פערטל — 21,6 פראצ. פון דער ווילנער אומגעגנט.

די שארית־הפליטה פון ווילנע און אומגעגנט
לויט די פראָפעסיעס

פריע פראפעסיעס:
(ד"רים, אַדוואָקאַטן, זשורנאַליסטן,
**אַרטיסטן, לערער אד"גל) — 109, אומג' 9**

אָנגעשטעלטע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| (בוכהאַלטערן, באַאמטע א. אַ.) | — 43 | " | 5 |
| ארבעטער: | — 142 | " | 28 |
| סוחרים: | — 60 | " | 16 |
| פאבריקאנטן: | — 13 | " | 1 |
| שילער: | — 31 | " | 9 |
| ס"ה | — 398 | " | 68 |

אינגאנצן — 466 פערזאן.

די ארבעטער (34,9 פּראָצ.) מיט די אנגע־שטעלטע (10,55 פּראָצ.) ביידן 45,4 פּראָצ. פון די לעבנגעבליבענע ווילנער (און 48,5 פון דער אומ־געגנט) זיי צוזאמען מיט א טייל אינטעליגענץ, זיינען געווען דער גרונט־עלעמענט, וואָס האט זיך „אויפגעהויבן" און „אוועק" אין סעפּטעמבער 1939 און אויך אין יוני 1941 אין ר"פ־ישן הינטערלאנד. זיי זיינען ארויס פון געטא צו די פּארטיזאנער־אטריאדן און זיינען אראנק זייערע פּאך־קענטעניש ציימווייליק נאך נויטיק געווען דעם אָקופּאנט און געבליבן ביז דער באפרייונג אין די קאנצ.־לאגערן.

די 20,15 פּראָצ. סוחרים, הענדלער און פּא־בריקאנטן צווישן די ווילנער (25 פּראָצ. צווישן די פּראָווינצער) קומט אין גרעסטן טייל פון ר"פ, ווע־מען זיי האבן צו פארדאנקען זייער לעבן. דער ר"פ האט זיי (אלס נישט־פּראָדוקטיוון אָדער בורזשאז־פיינטלעכן עלעמענט) ארויסגעפירט אין טיפן הינ־טערלאנד. א קלענערער טייל קומט פון „מאלינעס" אָדער פון אויסבאהאלטן זיך ביי נישט־יידן.

די פאררעגיסטרירטע האבן נאכן צוריקקער פון די לאגערן אָדער דער רעפּאטריאציע פון ר"פ זיך געפונען אין 46 שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. נאך לאדזש, וואָס איז געוואָרן דער צענטער פון יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן אין נייעם פּוילן, און שטשעטשין, ווו לויט אונזערע ידיעות זיינען געווען ביי 400 ווילנער, איז דער דריטער זאמלפּונקט פון יידן בכלל און ווילנער בפרט געווען נידער־שלעזיע.

# די שארית־הפּליטה פון דער ווילנער אומגעגנט

(לויט דער רעגיסטראַציע ביז יאנואַר 1947 י.)

פון דער ווילנער אומגעגנט זיינען אריין אין דער רשימה יידן פון די פאָלגנדיקע שטעטלעך:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| איגנאַלינע | 1 | דאַוועניעץ | 1 | סוועגציאַן | 33 |
| איוויע | 7 | הײדוציִשאָק | 17 | סמאַרגאָן | 2 |
| אילִיע | 3 | וואלאזשין | 2 | סעליִץ | 1 |
| איישישאָק | 17 | וואלקאלאטא | 8 | סאָלעטשניק | 2 |
| איוויעניץ | 3 | וואסיליִשאָק | 2 | סאלאָק | 1 |
| אָלקעניק | 3 | ווארנאווע | 39 | סטוטשין | 1 |
| אָפּסע | 1 | וואָראָפּאיעוואָ | 1 | פּאָדבראָדז | 10 |
| אָלשאַן | 1 | ווידז | 28 | פּאראפּיאנאָווע | 1 |
| אָשמענע | 14 | ווילייקע (אַלט און ניי) | 23 | פּליסע | 2 |
| אָסטרין | 6 | זאַהאַציע | 1 | פּאָדברעזיע | 5 |
| בויווידז | 4 | זשעטל | 2 | קאָבילניק | 3 |
| בודסלאוו | 3 | טראָק | 5 | קורעניעץ | 25 |
| בילדוגיי | 2 | טורגעל | 3 | קימעלישאָק | 4 |
| ביניאַקאָן | 1 | לוזשקי | 2 | קראַסנע | 2 |
| בראַסלאַוו | 44 | לידע | 12 | קרעווע | 2 |
| ביסטריץ | 2 | לינטופּ | 3 | קאזיאַן | 1 |
| גלובאָק | 46 | ליפּנישקי | 1 | קאָטלאָווקע | 1 |
| גערמאַנאָוויטש | 3 | ליעבעדעווע | 1 | קובליץ | 1 |
| גרודעק | 1 | ליוביען | 1 | קלעטלעוו | 1 |
| גרינקושקי | 1 | מאָלאָדעטשנע | 2 | קלעצק | 1 |
| געדראָוויטש | 1 | מיאדל | 8 | קאַלוואַריע | 2 |
| דאָלהינאָוו | 19 | מיארי | 9 | ראַדאָשקאָוויטש | 4 |
| דאקשיץ | 14 | מיליגאַן | 1 | ראַקאָוו | 3 |
| דובינאָוו | 1 | מיכאַלישאָק | 1 | ראַדון | 1 |
| דונילאָוויטש | 9 | מיעדניק | 1 | רודאָמינע | 1 |
| דוקשט | 1 | מייטשעט | 1 | שאַרקאָוישטשיזנע | 11 |
| דיסנע | 27 | ניי־פּאָהאָסט | 1 | | |
| דרויסק | 7 | ניעמענטשין | 4 | | |
| דרויע | 13 | סוויר | 2 | | |
| דריסוויאַט | 3 | | | | |

ס"ה — — 587 פּערזאָן
פון 83 שטעטלעך.

פון דעם זיינען 505 פּערזאָן פון 57 שטעטלעך פאַררעגיסטרירט אין דער רשימה פון דער ווילנער אומגעגנט און 82 פּערזאָן פון 41 שטעטלעך אין דער רשימה פון דער שטאָט ווילנע.

* * *

די לאנדסמאנשאפטן פון ווילנע און ווילנער אומגעגנט אין מינכען, פּאריז, תל־אביב, ניו־יארק, בוענאָס־איירעס, מאָנטעווידעאָ, יאָהאנעסבורג און ווו זיי זאלן נישט זיין — רופן מיר פארזעצן צוזאמען מיט אונז די וויכטיקע ארבעט, וועלכע מיר האבן אָנגעהויבן: רעגיסטרירן און פארבינדן די לעבעדיקע שארית־הפּליטה פון ווילנע; קאנצענטרירן אלע מאַ־טעריאלן, דאקומענטן פון דער רעגיסטראציע און פון לעבן, שאפן און אומקום פון אונזער היימשטאט אין די ווילנער מוזייען ביי אונזער יידישן וויסנשאפט־לעכן אינסטיטוט (ייוואָ) אין ניו־יארק און „יד ושם לגולה" אין ירושלים.

לאָדזש, סעפּטעמבער 1946



געזעגעניגנס־אָוונט פאַרן ה׳ לייזער ראַן און פרוי
(לאָדזש, סעפּטעמבער 1946)

ס׳זיצן: (פון רעכטס אויף לינקס) ל. שעפּטעל, ל. קאַריסקי, פרוי ב. ראַן, פרוי וו. ליבאָ, ד״ר א. ליבאָ, ח. גראַדע, ל. ראַן, א. סוצקעווער, פרוי קאַטשער־גינסקי און ש. קאַטשערגינסקי.

ס׳שטייען: (1־טע ריי) ריווקינד, פרוי ריווקינד, אינזש מ. ספּאַקאָיני, אינזש. י. יפר, פרוי סוצקעווער, י. ווירשופ, פּ. סילקעס, מ. מאַכטיי, מ. זיידשנור, ע. גערשאַטער און אדוו. ר. גילעלס.

(2־טע ריי) פרוי מאַרייסקער, ר. מאַרייסקער, י. דראַזנין, מ. עפּשטיין, פרוי עפּשטיין, ל. רייזען, פרוי גראַדע און מ. גראָסמאַן.



די פאַרוואַלטונג פון ווילנער־פאַרבאַנד בעתן געזעגענען זיך מיט די ה"ה אַ. סוצקעווער, ח. גראַדע, קאַטשערגינסקי און י. ווירשופּ. (לאָדזש, דעצעמבער 1946)

ס'זיצן: [פון רעכטס אויף לינקס] ש. קאַטשערגינסקי, א. סוצקעווער, ד"ר א. ליבאָ, ה. גראַדע, ארוו. ר. גילעלס, אינזש. מ. עפּשטיין.
ס'שטייען: עטינגין, י. יפה, ר. מאַרייסקער, י. ווירשופּ און ל. קאָריסקי.

# רשימות פון די לעבנגעבליבענע
# יידן פון ווילנע און אומגעגנט

# רשימה פון לעבנגעבליבענע יידן פון ווילנע און אומגעגנט

## רעגיסטרירטע אין פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פוילן.

די רשימה איז געדרוקט אין פאָלגנדיקער אָרדענונג:

1) פאַמיליע און נאָמען.
2) אָרט און יאָר פון געבוירן.
3) נעמען פון עלטערן.
4) באַשעפטיקונג.
5) ווילנער אַדרעס.
6) ווו איבערגעלעבט די מלחמה-צייט.
7) לעבנגעבליבענע משפחה-מיטגלידער.

פאַרקירצונגען:

ווילנער געטאָ — וו״ג. פאַרטיזאַנער — פאַרטיז׳. ראַטנפאַרבאַנד — ר״פ.
רויטע אַרמיי — ר״א. פוילישע אַרמיי — פ״א. געבוירן — געב׳. גאַס — ג׳.
ברודער — בר׳. שוועסטער — שוו׳. פלימעניק(יצע) — פל׳. איידעם — א׳.
שנור — שנ׳. קוזין(ינקע) — ק׳. פעטער — פ׳. מומע — מ׳.

אַבעלאָוויטש ראָזע, 2) ווילנע. 3) מאיר-סאָניע. 4) בוכהאַנדלונג. 5) באַזיליאַנער ג׳ 6. 6) ר״פ. 7) בר׳ - יעקב, ק׳ — נאַדיע.

אַבראַמאָוויטש אברהם, 2) ווילנע — 1890. 3) שרה. 4) זעג-מיל. 5) זשעליגאָווסקי ג׳ 10. 6) ר״פ. 7) פרוי — שרה (געב. וויינער) אַרצט, טאָכטער — העלענאַ, פל׳ —פרומע באָט.

אבראַמאָוויטש באַסיע און מאַשע זע: ליפינסקי באַסיע.

אַבראַמאָוויטש אליהו, 2) ווילנע — 1918. 3) גיטל. 4) אַנגעשטעלטער. 5) סובאָטש ג׳ 49. 6) וו״ג, פּאַרטיז׳. 7) פרוי — מערע (געב. בלאָך), טאָכטער — חנה, שוו׳ — חיה.

אַבראַמאָוויטש גרשון, 2) ווילנע — 1913. 6) וו״ג. 7) בר׳ — אליהו.

אַבראַמאָוויטש הדסה, 2) ווילנע — 1925. 6) וו״ג, לאַגער.

אַבראַמאָוויטש הירש, 2) ווילנע — 1921. 3) נחום-פריידל. 5) סובאָטש ג׳ 37. 6) ר״פ.

אַבראַמאָוויטש כתריאל, 2) טוגעל — 1918. 3) נתן-שרה. 4) טעכניק-מעכאַניק. 6) ר״פ. 7) פרוי - ריטא (געב׳ מלינאַרסקי).

אבראַמסאָן יודיטא זע: שער יודיטא.

אַדונסקי בנימין, 2) ווילנע — 1914. 3) אברהם-שמעון-חנה. 4) האָלץ-בראַנזשע. 5) קאַרטאַווע ג׳ 3. 6) ר״פ.

אַדעלסאָן שמעון און באַסיע זע: ליפשיץ מאָריס.

אורבאַך סאַרע, 2) ווילנע — 1902. 5) טראָקער ג׳ 9. 6) וו״ג, לאַגער.

אווערבוך זעלדע און מאַשע זע: וואַקער זעלדע.

אָזשעכאָווסקי חיים, 2) 1913. 3) זעליק-ליזע. 4) סטאָלער. 6) ר״פ. 7) פרוי — ראָזע (געב בורקמאַן), זון-גענאַדי.

אידעלאָוויטש חיה-מלכה. 2) ווילנע — 1885. 3) דוד. 4) קרעמערן. 5) מילאָסיערנע ג׳ 2. 6) וו״ג. מאַלינע. 7) טאָכטער — אסיע סאָליט. זין — נחמיה און אליהו, שנ׳ — מוסיע און אידע.

איזראַעלעוויטש יענטע, 2) ווילנע — 1916. 3) יצחק. 4) שניידערן. 5) שאַוולער ג׳ 6. 6) ר״פ.

איזראַילסקי שושנה, 2) ווילנע — 1925. 3) אברהם-רחל, 4) שילערן. 5) סאַוויטש-גאַס 9. 6) וו״ג, אַרישע זייט.

איזראַילסקי פריידע, 2) ווילנע — 1927. 3) יוסף-באַסל. 4) שילערן. 5) סובאָטש ג׳ 10. 6) אַרישע זייט. 7) שוו׳ — כוענע קאַצעוו און ראָזע.

איזראַעליט מירע (איצט: קאָריסקי), 2) ווילנע — 1925. 3) משה-פאָליע. 4) שילערן. 5) אָסטראָבראַם ג׳ 17, 6) וו״ג, לאַגער ה. ק. פ. 7) מוטער — פאָליע (געב׳ פרידלאַנד), מ׳ — מערע רייכעס.

איטקינד פייגע, 2) ווילנע — 1929, 3) זעלדע-לייבע. 4) שילערן. 5) סענאַטאָרסקע ג׳ 5. 6) וו״ג, לאַגער ה. ק. פ.

אילגאָווסקי שרה זע: גראָסמאַן שרה.

**אינדורסקי וואָלף**, 2) ווילנע — 1907. 3) שמריהו-פייגע. 4) זעמשער. 5) בּרייטע ג׳ 2. 6) וו״ג, לאַגער
ר״א. 7) שוו — רחל ראוך, פל׳ – שושנה וועקסלער.

**אינדרוזעווסקי דאָבּע** (געב׳ קיט), 2) ווילנע — 1886. 5) קוואַשעלנע ג׳ 38. 6) ר״פ.

**איידלמאַן יצחק**, 2) ווילנע — 1912. 3) שמואל—מלכּה. 4) אָנגעשטעלטער. 5) קאָנסקע ג׳ 12.
6) וו״ג, לאַגער. 7) פרוי — שרה, בר׳ – מיכל און בנימין, שוועגערן — אסתּר,
שוו׳ קינד — באַשע.

**איידעלמאַן מרדכי**, 2) ווילנע-1919. 3) אברהם—באַסיע. 4) אָנגעשטעלטער. 5) דייטשע 21. 6) ר״פ.

**אייזין אהרון**, 2) ווילנע — 1913. 3) נח-רחל. 4) בעקער. 5) ווילקאָמירער ג׳ 43. 6) ר״פ.

**אייזענבערג פרידע** (געב׳ קלאַטשקא), 2) ווילנע - 1914. 3) מערע. 4) זעמשערן. 5) צעכאָווע
ג׳ 7. 6) ר״פ. 7) מוטער - מערע קלאַטשקא.

**אייזנשטאַט גענ׳יע** (געב׳ גולבּאַס), 2) ווילנע — 1909. 3) כּתריאל—אסתּר. 5) וויוווּלסקי ג׳ 8.
6) ר״פ. 7) מאַן — מאַרק.

**אייזענבערג נאָטע-פּרץ**, 2) וואַרשע — 1880. 3) יעקב—טייבע, 4) האַנדלס-קאָמיסיאָנס-הויז.
5) ברייטע ג׳ 52, 6) ר״פ. 7) פרוי — מרים, שנור — ליזע, אייניקל ריטאַ.

**איינבינדער-מאָיען נחמה**, 2) ווילנע — 1907. 3) אָווסעי—חיה. 6) ר״פ. 7) קינדער — גבריאל
און גאַליאַ.

**אייניק ריווע-אַלטע**, 2) ווילנע — 1924. 3) מאיר. 5) ברייטע ג׳ 20, 6) וו״ג לאַגער. 7) בר׳ —
שעלע, פ׳ – איסער, מ׳ — דינא, ק׳ – איזאַק און שרה.

**אלבירט ריווע**, 2) ווילנע. 6) ר״פ.

**אַלטמאַן סימע** זע: לעווין סימע.

**אַלפּעראָוויטש ראובן**, 2) ווילנע — 1911. 3) משה—שיינע. 4) שניידער. 5) יידישע ג׳ 11. 6) ר״פ

**אַלפּעראָוויטש מענדל**, 2) ווילנע — 1919. 3) הירש—פעסיע. 4) טופּיצער. 5) יידישע ג׳ 11. 6) ר״פ.

**אַלפּער רבקה**, 2) ווילנע — 1916. 3) משה—פעסיע. 4) בּוכפירונג. 5) שאָפּען ג׳ 2. 6) וו״ג לאַגער.

**אמאַראַנט שמואל**, 2) טאַרנאָפּאָל — 1904. 3) בן-ציון—סאַבינע. 4) דירעקטאָר פון לערער-סעמינאַר
„תּרבות״. 5) זאַוואַלנע ג׳ 27. 6) וו״ג, לידער געטאָ, פּאַרטיזי. 7) פרוי — תמר
(געב׳ ראַבּינאָוויטש).

**אַמיליאַנער-זאַלצשטיין ריווע**, 3) אַברהם—מינע. 5) זוויערינעצער ג׳ 37. 6) ר״פ.

**אַמיעל מרדכי**, 2) ביאַליסטאָק — 1908. 3) ראובן—מאַטלע. 4) שאָפער. 5) סטעפן ג׳ 29. 6) ר״פ.

**אַנאָליק ניסן**, 2) ווילנע — 1921. 3) משה—שרה. 4) שילער. 5) שאָפּען ג׳ 3. 6) וו״ג, לאַגער.
7) פרוי — אסתּר, בר׳ — בנימין.

**אַנדראַשעווסקאַ חיה**, 2) ווילנע — 1917. 3) לייזער-דאָבע. 4) וועש-נייטאָרן. 5) קל. סטעפן ג׳ 15.
6) ר״פ. 7) מוטער — דאָבע, שוועסטער — פייגע, יאָכע, חנה און רחל.

**אַנדרוזשעווסקאַ רבקה** זע: בראָכעס אַהרון.

**אַקסעלראָד חנה**, 2) ווילנע — 1922. 3) יצחק-גאָלדע. 4) פאַבריקמאַכערן. 5) קרולעווסקאַ ג׳ 5.
6) ר״פ. 7) עלטערן — יצחק און גאָלדע, בר׳ — שנייער און משה׳לע.

**אַראָן ראיסאַ**, 2) 1926. 3) נחמיה. 5) קליין פּאָהולאַנקע ג׳ 4. 6) ר״פ. 7) מאַן — יאָשע, טאָכטער—
בלימעלע.

**אַראָן יוליע** זע: בראַז יוליע.

**אַראָנאָוויטש ראַשע**, 2) 1876. 5) דאָמיניקאַנער 17. 6) ר״פ.

**אַרקוסקי סאָפיע** זע: גילעלס סאָפיע.

**אַרקוסקי פאַניע** זע: לין פאַניע.

**אַרציכאָווסקי-אָלקעניצקאַ אַננאַ**, 2) וואַרשע — 1909. 3) אברהם—מרים. 4) שניידעריי-
אינסטרוקטאָרן. 5) פּילסודסקי ג׳ 6. 6) וו״ג, אַרישע זייט. 7) מאַן — עדוואַרד,
טאָכטער — שרה.

**אַשכּנזי מרים**, 2) דאָלהינאָוו — 1906. 3) גוטמאַן—עסיע. 5) שעפּטיצקי ג׳ 8. 6) ר״פ. 7) שוו׳ — ראָזע
דייטשמיי.. נר, בר׳ — גרשון און איסער.

**אָקון בן-ציון**, 2) ווילנע — 1910. 3) ישראל—קאָפּל—פייגע. 4) עלעקטראָטעכניקער. 5) פּילסודסקי
ג׳ 32. 6) ר״פ. 7) שוו׳ — לאה פייגענבערג, בר׳ - ניסן און מיכל.

**אָקון-צייקינסקאַ דבורה**, 2) ווילנע — 1915. 3) לייב—חנה. 4) „עלעקטריט״. 5) סובאַטש ג׳ 104
6) ר״פ.

**אָקון יאָכע**, 2) ווילנע — 1917. 3) אברהם-חיה. 4) שניידערן. 5) ווילקאָמירסקי ג׳ 58. 6) ר״פ.

**אָרלאָווסקי רעניאַ** (געב׳ כידעקעל). 2) ווילנע — 1906. 3) יוסף—רישע. 4) קראַנקן-שוועסטער.
5) רודניצקער ג׳ 14. 6) ר״פ. 7) שוו׳ — שפרה.

**באַבקין אברהם**, 2) ווילנע — 1919. 4) שילער. 5) ווילנער ג' 2. 6) ר״פ. 7) פרוי.

**באַגאָן מלכּה**, 3) יוסף-דינה. 4) דאַמען-שניידערן. 6) ר״פ.

**באַדאַש פייוול** זע: באַסמאַן גיטע.

**באַזיליאַן נאָטל**, 2) טורגעל — 1909. 3) בנימין. 4) דאַמען-שניידער. 5) דייטשע ג' 29. 6) וו״ג, אין וואַלד. 7) פרוי — ריווע (געב' גינזבורג), זון — דוד.

**באַלבערישסקי מענדל**, 2) ווילנע — 1894. 3) ליבע. 4) מאַגיסטער. 5) דייטשע ג' 14. 6) וו״ג, לאַגער. 7) פרוי — לאה, קינדער — דבורה און טעאָדאָר.

**באַנד חנן**, 2) ווילנע - 1915. 4) סטאָלער. 5) קל-סטעפן ג' 23. 6) ר״פ.

**באַנדט סאָניע**, 2) ווילנע 1918. 3) מענדל-מרים. 4) מאַשיניסטן. 5) קרופּניטשע ג'. 6) ר״פ. 7) בר' — יעקב.

**באַססאָן לייזער**, 2) ווילנע - 1920. 3) לייבע-סאָניע. 5) סאַוויטש ג' 6. 6) ר״פ, ר״א.

**באַסמאַן חיים יאָסל**, 2) ווילנע. 5) ג-פּאָהולאַנקע ג' 9.

**באַסמאַן מאַשע**, זע: לוביטש שמואל.

**באַק שרה** (איצט: קאַרטמער), 2) ווילנע — 1914. 4) שניידערן. 5) פּאָרמאָווע ג'. 6) וו״ג, מאַלינע. 7) מאַן — יאָסל, זון — מיכאל.

**באַק מאיר**, 2) ווילנע — 1910. 4) גאַרבער. 5) נאָווגאָראָד ג' 14. 6) וו״ג לאַגער. 7) פרוי — געניע (געב' באַבראָווסקי), טאָכטער — מרים.

**באַק אַסנע** זע: וויניצקי אַסנע.

**באַקאַטורסקי מערע**, 2) מייכשעט — 1891. 4) פּאַפּיר-בראַנזשע. 5) סלאָוואַצקי ג' 38. 6) ר״פ. 7) קינדער — לענע און ליובע.

**באַקאַלעריסקי חיים**, 2) ווילנע — 1910. 3) יהודה-עטל. 4) תבואה-הענדלער. 5) זאַוואַלנע ג' 60. 6) ר״פ פ״א.

**באַראַן-סאַנטאַצקא מינע**, זע: צוקראָווסקי יוזעף.

**באַראַן ליובע**, 2) אָלשאַן — 1920. 3) מאיר-פעסיע. 4) בעקעריי. 5) סטראַשון ג' 5. 6) וו״ג, קאָוונער געטאָ, לאַגער. 7) שוו' — עאוגעניא, חנה, הינדע, און סימע.

**באַראַנאָוו ברוך**, 2) דרויע — 1910. 3) דוד-שרה. 4) זייגערמאַכער. 5) קאַשטאַנען ג' 1. 6) וו״ג, פּאַרטיז'. 7) פרוי - דבורה, שוו' מאַשע און ק'- טויבע דאַגאָוויץ.

**באַראַנאָוויטש בנימין**, 2) ווילנע — 1907, 7) פרוי און 3 קינדער.

**באַרק פייגע** (געב' ראָזעוויטש), 2) ווילנע — 1910. 3) יאַנקל-בתיה. 4) וועש-נייטאָרן. 5) נאָווגאָראַד ג' 11. 6) ר״פ. 7) שוו' - נחמה מילקאָווסקי און יענטע מיליוואַנסקי.

**באָט פרומע**, זע: אַבראַמאָוויטש אברהם.

**באָטוויניק דוד**, 2) ווילנע — 1920. 4) מוזיקער. 5) פּריוואַט ג' 8. 6) ר״פ.

**באָטוויניק סאָניע** זע: עטינגין אלבערט.

**באָטשקין יצחק**, 2) 1910. 3) יאָסל-לאה. 6) ר״פ.

**באָלבער ראובן**, 2) ווילנע — 1922. 3) הירש-מרים. 4) פּאָטאָגראַף. 5) זאַוואַלנע ג' 22. 6) ר״פ.

**באָראָדאָוו בערל**, 2) ווילנע — 1919. 3) יהושע-חנה. 4) „עלעקטריט". 5) קל.-סטעפן ג' 15. 6) ר״פ. 7) פאָטער — יהושע.

**באָראָוויטש זינא**, 2) ווילנע — 1907. 3) שלמה-פריידע. 4) הענדלערן. 5) רודניצקער ג' 5. 6) וו״ג, לאַגער. 7) שוואָגער - יעקב.

**באָראָווסקי נתן** זע: מאַכטיי משה.

**באָראָווסקי-טאָלטשינסקי צילע** זע: טאָלטשינסקי באָריס.

**באָראָווסקי מרדכי**, 2) פּיעסקי — 1900. 3) לייב-חיה. 4) סוחר. 5) פּילסודסקי ג' 30. 6) ר״פ.

**בודזאָן רחל**, 2) ווילנע — 1917. 3) שלום-טויבע. 4) געאַרבעט אין אוניווערסיטעט-קליניק. 5) ווענגלאָווע ג' 8. 6) ר״פ. 7) מאַן — בערנאַרד ווינאָגראַד, טאָכטער — טאַניע.

**בוזגאַן חוה** זע: שיימאַן יודל.

**בוקשטעלסקי צאָדיק**, 2) ביאַליסטאָק — 1901. 3) שמשון-דבורה. 4) שטעפּער. 5) באַטאַרי-טר' 10. 6) ר״פ. 7) פרוי — האָדעס (געב' בלאָך), קינדער — שלום און יאַנקל, שוו' — ריווע רובין.

**ביאַלאַ ראיע** (געב' ווידמאַן), 2) ווילנע — 1910 3) וועלוול-פייגע, 4) זעמשערן. 5) סטעפן ג' 14, 6) ר״פ, 7) קינדער — יעקב און משה.

**בינקאָוויטש אליהו**, 2) יאַדי — 1928. 3) מאַקס-חנה. 6) וו״ג, פּאַרטיז.

**ביעליץ חיה**, 2) ווילנע — 1920. 3) יצחק-ביילע. 4) „עלעקטריט". 6) ר״פ. 7) פאָטער — יצחק

בירנבוים מאיר-בער, 2) ווארשע — 1919. 3) דוד—ביילע. 5) נאָוואַראַד ג' 18. 6) ר"פ. 7) פרוי — מוסיע (געב' גינזבורג), זון - חיים.

בייגעל—שלאָסבערג דבורה, 2) ווילנע — 1920 3) יעקב—פרומע. 4) שילערין. 5) קאַלוואַריער ג' 21. 6) ר"פ.

ביילין בערטע, 2) קלעצק — 1905. 4) קאָנסערוון-פאבריק. 5) ברייטע ג' 15. 6) ווארש' געטא, לאגער.

ביילין שרה זעה : מאָשקאָוויטש שרה.

בייראַק מיא, 2) ווילנע — 1904. 3) רבקה. 4) קראַנקן-שוועסטער. 5) פילסודסקי ג' 6. 6) וואַרש' געטאָ, אַרישע זייט.

ביידער בערל, 2) ווילנע — 1923. 3) אַברהם—בראָכע. 4) שאָפער. 6) ר"פ.

בלאַט אַברהם, 2) לובלין — 1833. 3) משה. 4) טעאַטער-רעזשיסער. 5) זאוואַלנע ג' 66. 6) ר"פ. 7) פרוי — חנה, (געב' קאַגאַנאָוויטש), טאָכטער — אסתר.

בלאַך וויערא און מיקאָלאַי ד"ר זע : גילעלס ראיסא.

בלאָך האָדעס זע : בוקשטעלסקי צאָדיק.

בלאַך—בערקעלהאַמער ליזע, 2) ווילנע — 1914. 3) הירש—מערע. 4) קראַנקן-שוועסטער, 5) סאָפּיאַניקעס ג' 5. 6) ר"פ.

בלאָך נינע (געב' טראָצקי), 2) ווילנע — 1909. 3) שאול—זלאַטע. 4) אַפּליקאַנטן. 5) ווילנער ג' 22. 6) וו"ג, ווינער געטאָ, אַרישע זייט. 7) מוטער — זלאַטע (געב' גאָראָדישטש).

בלאָך מערע זע : אַבראַמאָוויטש אליהו.

בלומאַס דוד און מאַשע זע : זאַפּאָלסקא חיה.

בלומענטאַל יוסף, 2) ווילנע — 1907. 4) אייל-פּאַרקויף. 5) פּאָנאַרסקי ג' 45. 5) וו"ג, לאַגער. 7) פרוי— דאָרא (געב' פערעגאַל), טאָכטער — מרים.

בליאַכער—טאַראַשינסקא לאה, 2) ווילנע — 191. 4) עקספּעדיציע. 5) שאָפּען ג' 4. 6) וו"ג' לאַגער. 7) פל' — העלענא.

בעזדאַנסקי יהושע, 2) ביסטריץ — 1904. 4) לאַנדווירט-אַרבעט. 5) גאון ג' 7. 6) וו"ג, אָשמענער געטאָ. 7) פרוי — חנה, טעכטער — שיינע, שולמית און רבקה.

בענציאַנאָווסקי מרדכי, 2) נאָוואָגרודעק — 1896. 3) שמעון—שיינע. 4) וואַלד-כוחר. 5) שאָפּען ג' 1. 6) ר"פ.

בערגמאַן באָריס זע : געפען פאַניע.

בערגער טשערנע, 2) ווילנע — 1921. 3) אַברהם—שפרינצע. 4) בוכהאַלטער. 5) קאָפּאַניצע ג' 9. 5) וו"ג, לאַגער.

בערזאַק לעוו, 2) ווילנע — 1911. 3) יוסף—פריידע. 4) פּאַפּיר-אינדוסטרי. 5) קרופּניטשע ג' 1, 6) ר"פ. 7) פרוי — מינדל, זון — פּאַוועל.

בערלין יצחק, 2) ווילנע — 1902. 3) יונה—חיה. 4) בעקער. 6) ר"פ. 7) פרוי — מלכה (געב' פּאַנאָוו-סקי), טאָכטער — חיה.

בערלין משה, 2) פּאָדברעזע — 1891. 4) סעדעריי. 5) קאַלוואַריער ג' 132. 6) וו"ג, לאגער. 7) טאָכטער — באַסיע.

בערלין משה, 2) מאָהילעוו — 1891. 4) לאָקשן-פּאַבריק. 5) נאָוואָגראָד 18. 6) וו"ג, לאַגער. 7) זון — שמחה.

בערלין לייזער, 2) ווילנע - 1909. 3) יעקב—ביילע. 4) בעקער. 5) ראָדזונער ג' 65. 6) לאַגער ה. ק. פּ.

בעלשם טוביה. 2) טעלז — 1922. 3) יוסף- צילע.

בערנשטיין אברהם, 2) ווילנע — 1910. 3) מאיר—צירל. 5) קיעווער ג' 9. 6) ר"פ.

בערקמאַן יעפים, 2) ווילנע — 1907. 3) שיינע. 4) יוריסט. 5) נאָוואָראָד ג' 19. 6) וו"ג, אַרישע זייט. 7) פרוי — אָסנע.

בראז יוליע (געב' אראָן), 2) ווילנע 1893. 3) אברהם. 5) טראָקער ג'. 6) ר"פ. 7) טאָכטער — פרומע.

בראָידאָ רבקה, 2) ווילנע — 1917. 8) אברחם—טויבע. 4) שניידערן. 5) דייטשע ג' 14. 6) ר"פ.

ברוידאָ ליובע, 2) ווילנע — 1922. 3) אברהם—טויבע. 4) שילערן. 5) יאַטקעווער ג' 8. 6) ר"פ, ר"א 7) שוו' — רבקה שוואַרץ, שוואָגער - יעקב, פל' - יוסף.

בראָכעס אהרון, 2) ווילנע — 1920. 3) שמואל—באַסיע. 4) פּאָטאָגראַף. 5) סטראַשון ג' 15. 6) ר"פ. 7) פרוי — רבקה (געב' אַנדרוזשעווסקאַ), טאַכטער — באַסיע.

בראָלניצקי נח, 2) נאָוואָגרודעק — 1912. 5) ווילנע, סלאָוואַצקי ג' 38. 6) ר"פ.

בראָנשטיין חנה זע : פּאָדאָצאַנסקי חיים.

בראָנטוויין מירע, 2) ווילנע — 1920. 3) זלמן—בראָכע. 4) קראַנקן-שוועסטער. 5) דאָמיניקאַנער 9. 6) וו"ג, לאַג'. 7) ק' — יעקב קאַמיעניצקי.

